# Pinie Plotkin: Mit An Ofen Hartz (With An Open Heart)

Editor: Samuel Batt

רעדאקטאר: שמואל באַט



Published by
Yiddish Culture Club
in West Hollywood
California, 1997

Published in USA



דער פּאָעט **פּיניע פּלאָטקין** איז געבוירן געוואָרן דעם 10-טן מערץ 1915 אין באָברויסק (ווייסרוסלאַנד), שפּעטער אַריבערגעפּאָרן צוזאַמען מיט די עלטערן אינעם שטעטל ליובאָניטשי. געלערנט זיך אין אַ יידישער אָנפאַנגשול, דערנאָך אין דער דאָרטיקער זיבן-יאָריקער ווייסרוסישער שול.
געאַרבעט אין דעם היגן וואַלד-באַצירק, וווּ ס'איז געווען באַשעפטיקט זיין טאַטע. אַלגעמיינע מיטעלע בילדונג באַקומען אין באָברויסקער אַרבפאַק.
אין 1939 פאַרענדיקט דעם ליטעראַריש-לינגוויסטישן פאַקולטעט פונעם מינסקער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. בעת דער צווייטער וועלט-מלחמה געקעמפט אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי קעגן די דייטשישע פאַשיסטן.
דעביוטירט מיט אַ ליד אין 1934 אין דער מינסקער צייטונג "דער יונגער אַרבעטער". געדרוקט לידער אין דעם זשורנאַל "שטערן" (מינסק), אין דער צייטונג "אָקטיאַבער". צוזאַמען מיט די דיכטער אי. באָרוכאָוויטש, ח. גורעוויטש, ש. לעלטשוק אַרויסגעגעבן אַ לידער-זאַמלונג (מינסק, 1940).
נאָך דער מלחמה - אַ מיטאַרבעטער פון דער באָברויסקער געגנטלעכער צייטונג "סאָוועצקאַיאַ ראַדזימאַ". געאַרבעט ווי אַ לערער פון רוסישער שפּראַך און ליטעראַטור. זינט 1962 זיך געדרוקט אין "סאָוועטיש היימלאַנד", שפּעטער - אין דער צייטונג "ביראָבידזשאַנער שטערן", אין די וואַרשעווער צייטשריפטן "פאָלקס שטימע" און "דאָס יידישע וואָרט", אין 1992 אימיגרירט קיין אמעריקע. געדרוקט זיך אין ניו-יאָרק אין "די צוקונפט", "די יידישע קולטור", "אונדזער צייט", אין "חשבון" (לאָס-אַנדזשעלעס), אין דעם מאָסקווער זשורנאַל "די יידישע גאַס", אין "ירושלימער אַלמאַנאַך" (ישראל). געדרוקט לידער אין "די פען" (אָקספאָרד, לאָנדאָן) און אין "דער אנהייב" (מיאַמי ביטש).

## צו די פייגל

אויב דעם ווינט איז ניט געפערלעך
אין דער וועלט אַרײַן זיך טראָגן,
הייסט נאָך ניט, אַז אים איז מעגלעך
אײַך אַצינד אַריבעריאָגן.

ס'וועט דער ווינטער זיך ניט ציען
לענגער פון אַן אַנדער ווינטער.
פליט און קומט צוריק צו פליען
גליקלעכע, ווי מײַנע קינדער.

איך בין אויך געווען אַ יונגער
און, ווי איר טאַקע, געראָטן.
אײַך איז אַלעמאָל געלונגען,
אײַך איז גאָרנישט ניט פאַרבאָטן.

קיינער איז אויף אײַך ניט ברוגז,
זאָל אײַך צופיל ניט פאַרדריסן.
כ'וויל, אַז איר זאָלט, ווי דער שטייגער,
אַ געזונטן מיך דערוויסן.

## דאס וואָרט

א וואָרט פארווונדן קאָן, א וואָרט קאָן היילן,
א וואָרט דערציילט, א וואָרט גיט צו פארשטיין.
מיט יעדן וואָרט באגיין זיך דארף מען איידל,
ווי אינעם לעבן מיט א קינד א קליינס.

א וואָרט דערנעענטערט און אויך דערווײַטערט,
עס טרעפט - צום שכל קומט עס אומגעריכט.
א וואָרט קאָן גרייכן צו די ווײַטסטע ווײַטן
און בלײַבן, ווי מע זאָגט, אליין מיט זיך.

א וואָרט באגײַסטערט און א וואָרט פארטיידיקט,
א וואָרט פארורטיילט און א וואָרט באפעלט.
א וואָרט איז אומעטום אונדז זייער נייטיק,
ווי זון און רעגן דעם געוויקס אין פעלד.

## מאַמעניו-ערד

אַז ס׳גיט באַגינען די זון אַ זעץ
אויף דיר, מײַן ערד,
און איך
דערפיל די קראַפט,
וואס דו פאַרמאגסט אין זיך,
לויפט דורך אויפגיך
אַ ליכטיקײַט אין מײַן זכרון:
כ׳בין דאָ געבוירן
און זוך נאָך איצט
די טויען דײַנע.
ווערסט מיך באשײַנען,
ווערסט מיך דערנערן,
מאַמעניו-ערד!
כ׳קאן שווערן:
ס׳וועט די האַנט דעם שונא׳ס
ניט דערלאַנגען
דײַנע הויכע זאַנגען,
כ׳וועל קיינעם ניט דערלויבן
אָנטאָן שאָדן
דײַן פעטן באָדן.
בלי!
איך וועל דיך אָפּהיטן פון פײַער -
ס׳איז יעדעס זעמדל דײַנס מיר טײַער.
ווערסט בלײַבן אונדזערע,
ניט אַנדערש -
אַזויפיל יאָרן אָז דו וואַנדערסט
אַרום דער זון,
אַרום דײַן אַקס -
ביסט אלץ געווען
צו וויסטעניש געווענדט
און איצט ביסטו אין דרייסטע הענט,
מאַמניו-ערד.
איך האַלט דיך פעסט
צום האַרצן צוגעפּרעסט.

מײַן אָפֿן האַרץ
דעם אָטעם דײַנעם הערט,
ווײַל איך בין דײַנער,
ווײַל דו ביסט מײַנע,
מאַמעניו-ערד.

## דאָס האַרץ

ווען איך וואָלט קריסטיאַן באַרנאַרד* געוואָרן,
צו מיר א קראַנקער זאָל זיך קאָנען ווענדן,
איך וואָלט די גאַנצע וועלט ארומגעפֿאָרן
געזוכט נאָר אומבאַקאַנטע פּאַציִענטן, -

אַן אַנדערן זיי זאָלן, ניט פֿאַרשטעלטע,
זײַן גרייט דאָס לעבן שענקען באַלד און תּיכּף
כ׳וואָלט איבערזעצן הערצער בלויז אַזעלכע,
וואָס פֿילבאַר זײַנען צו א פֿרעמדן ווייטיק.

צו מיר בלויז גוטע מענטשן וואָלטן קומען,
מיט וועלכע ס׳איז ניט מעגלעך זיך צעשיידן.
ווי דאַנקאָ כ׳וואָלט מײַן האַרץ אין האַנט גענומען
און אָפּגעגעבן עס א מענטש א צווייטן.

*דער דאָקטער, וועלכער האָט טראַנספּלאַנטירט דאָס ערשטע מאָל א האַרץ.

## איך שמועס מיט שלום-עליכמס פּאָרטרעט

**.1**

יאָ, דאס ביסטו.
איך האָב דיך דערקאָנט
נאָך דיינע בלאָנדע האָר,
נאָך די ברילן.
טייערער שרייבער.
טו זיך וואַרעמער אָן.
דו קענסט זיך, חלילה, פאַרקילן.
דו האָסט בלי-ספק,
פיל כבוד פאַרדינט.
מיט יאָרן
די ליבע צו דיר
ווערט ניט קלענער...
ס'איז אמת,
וואָס דו ביסט באַוווּסט און באַרימט
ביי דיינע פאַרערער -
פרויען און מענער.
ס'איז אמת,
וואָס אומעטום אויף דער וועלט
לייענט מען דיינע ביכער.
דו האָסט זיך אַ דענקמאָל
אויף אייביק געשטעלט -
אין דעם קענסטו זיין זיכער.

**.2**

דו פלעגסט שרייבן,
אַז לאַכן איז געזונט.
אַז לאַכן איז ווילטאָג.
דו ביסט מיט אַ נייעם באַזוך
געוועזן אין מיין היימשטאָט.
עס האָט זיך אַ גרויסער עולם
אין טעאַטער צונויפגעקליבן -
דערהערן וואָס דו וועסט דערציילן
וועגן אונדז - וועגן די יידן.

וועגן דעם,
וואָס סיקומט פֿאָר אויף דער וועלט,
וועגן זיך,
וועגן אונדזער מדינה...

דו האָסט זיך געשטעלט אויף דער בינע
און אַ נייע נאָוועלע געלייענט...
און מענטשן אַלץ גייען און גייען
נאָענט מיט דיר זיך באַקענען.
כ׳האָב אויך צו דיר צוגיין געוואָלט,

איז שווער מיר געווען דאָס דערגרייכן -
כ׳האָב בלויז פֿונדערווייטן געזען
ווי דו האָסט גוטמוטיק געשמייכלט.
ווי דו האָסט געשמאַק געלאַכט,
ווי דו האָסט געשמאַק גערעדט.
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
ס׳איז דאָ, ביי מיר, אויפֿן וואַנט,
געהאַנגען דעם שרייבערס פּאָרטרעט.
דאָס האָב איך געשמועסט מיט אים -
נאָך היינט געדענק איך זיין שטים.

און ווידער איז געקומען דער נעכטיקער חלום:
די זעלבע געדאַנקען, דער זעלבער פּאָרטרעט.
איך שטיי לעם דעם שריפטשטעלער פּנים אל פּנים
און הער ווי גוטמוטיק מיט טביהן ער רעדט.

איך שטיי ניט דער ערשטער לעם אים, ניט דער לעצטער -
ס׳איז, פּשוט, לעם אים זיך געפֿינען באַקוועם.
לאַנגזאַם קלאַפּט זיך, ווי זילבער, אין ביידע פֿענצטער
דער גרינער פֿאַרטאָג אין זיין פֿולן פֿאַרנעם.

לאַנגזאַם גייען פֿאַנאַנדער די נידריקע וואָלקנס,
דער הימל, ווי פֿריער, ווערט מערסטנטייל ריין.
בלויז דער איינציקער פֿויגלבוים, ערגעץ אין גאָרטן,
וויל ניט טומלען זיך צופֿעליק איינער אליין.

אים איז אומעטיק יאָרנווייז וואַקסן באַזונדער
לעם אַ הילצערנעם פּלויט, ניט אין וואַלד, ניט אין פעלד.
וואָס וועט ברענגען אינגיכן דער נייער יאָרהונדערט?
צי וועט פילן זיך גלענצנדיק דעמלסט די וועלט?

איך בין זיכער: דערפאָלג, ווי אַ יום-טוב אַ גרויסער,
וועט קומען אין יעטווידער שטוב אומבאַדינגט.
זאָל לעבן דער שלום, די פרייהייט, דער יושר,
נאָך וועלכע, ווי אַלע, איך בענק ביז אַצינד.

נאָך אַלץ, וואָס דאָס לעבן דערמוטיקט, באַרייכערט,
און לערנט, און היילט, ערגעץ גייט ניט אוועק...
און שלום עליכם - דער יידישער שרייבער,
און זיינע באַוווּסטע, אומשטערבלעכע ווערק.

מינסק - לאָס-אַנדזשעלעס

## אין וועג

נישט דער ווינט זיך שאָקלט
און אין וועג זיך דרייט -
אויף דער העלפט אַ וואָלקן
ערגעץ ווערט צעטיילט.

אויבן שטערן ווייטע
האָבן זיך צעשטעלט,
פונקט ווי מידע רייטער
שפּעט ביינאַכט אין פעלד.

צווישן זיי אין הימל
עפּעס רוישט און קנאַלט.
קיינער ווייסט נישט, וויפל
איז אַ שטערן אַלט.

און דער ווינט, פאַרשיכורט,
ווי אַ יתום וויינט:
אָן זיין הילף אויף שטיקער
זיך אַ וואָלקן טיילט.

# לידער פון דער אלטער היים

## דאָס איז געווען מײַן שטעטל

עס שטעלט זיך אָפּ די צײַט,
ווו נאָענט אײַלן זיך די שנעלע צוגן
און ווו ביז הײַנט
שווער גייט ארום מײַן ווײַטע יוגנט
פון גאס צו גאס,
שטרענג לויטן סדר
ווו ס'האָבן יאָרן לאַנג געלעבט
מײַן עלטער-זיידע
און מײַן זיידע,
מײַן טאטע-מאמע
וועלכע בענקען שטיל נאָך מיר, מסתמא.
די קינדער-מיידעלעך געראָטענע
מיט לאנגע צעפּ -
קראסאוויצעס שווארצחנעוודיקע מײַנע...
דאָס איז געווען מײַן שטעטל
מיט שרײַבער און פּאָעטן -
מערסטנטייל באוווסטע,
דער עיקר קירזשנער, שנײַדער, שוסטער,
ווער אָרעמער, און ווער מיט עפּעס רײַכער,
די וואלדהעקער און בויער,
יונגע שמידן -
אזעלכע פעסטע לעבעדיקע ייִדן.
זיי רינגלען מיך ארום, און יעדער איינער שרײַט:
- היי, שטעל זיך אָפּ ביי אונדז צוזאמען מיט דער צײַט!

## נאסטאלגיִע נאָכן שטעטל

...און ביז איך וועל לעבן, דערמאָנען און אָפּגעבן כבוד
דעם שטעטל איך וועל, ווו עס האָבן געלעבט מיַינע אבות,
איך קום צו זיי גערן צו גיין, וויִאזוי - כ׳ווייס אליין ניט.

פארוואקסן די סטעזשקע, וואָס האָט ביז אהער אונדז פאריייניקט.
- פארוואָס אזוי בענקסטו, פאָעט? שטיל בא מיר וועסטו פרעגן.
- פארוואָס ניט פארלאָזן דו קענסט די פון לאנג שוין פארשווונדענע ברעגן?

איך פיל דיַינע הענט אויף מיַין הארצן, דיַין בליק אויף מיַין פנים.
צי קאָנסטו מיר געבן אן עצה?
וואָס ענטפערן קאָן איך?

* * *

ווען איך, חלילה, וואָלט געוואָרן בלינד,
ווען איך, חלילה, וואָלט געוואָרן שטום,
ס׳וואָלט סיי ווי סיי געצויגן מיך אַהין,
ווו ס׳איז אַ מאָל געווען מיין טאַטנס שטוב.

כ׳וואָלט פשוט, אָן התלהבות, דאַנקען גאָט,
ווען ער וואָלט מיך אין שטעטל אויסגעריכט...
כ׳וואָלט שטיין און לאַנג ניט רירן זיך פון אָרט,
ווו ס׳פלעג די מאַמע יום-טוב בענטשן ליכט.

## איך זע דעם זיידנס שטוב

איך זע דעם זיידנס שטוב, די אַלטע קלייט,
די געלע לאָדן, ביידע הויכעביימער.
נאָר מער פון אַלץ פאַר מיינע אויגן שטייט
פון קינדווייז-אָן אַוודאי די בהמה.

איך זע ווי זי באַגינען גייט אַוועק
און קערט זיך אום ווען מיר, קונדסים, שלאָפן,
די שטאַל, וואָס איז געווען מיט שטריי באַדעקט,
די טיר, וואָס איז געווען שטענדיק אָפן.

ניט קענטלעך אויפן הויף דעם זיידנס טריט,
שוין לאַנג עס הערט זיך ניט דער באָבעס שטימע.
אַ שטיקל פאַרקן דאָרט האָט זיך פאַרהיט -
פון יענער ווייטער צייט אַ סימן.

איך ריר זיך צו צו אים, ווו אויף אַ ברעט
האָט איינער ניט געאיילטערהייט פאַרשריבן:
דאָ האָבן יידן הונדערט יאָר געלעבט,
אַצינד זיינען ביי אונדז ניטאָ קיין יידן.

און ווער, אין שטעטל, גייט ניט דורך פאַרביי
און צו דער מענטשהייט האָט ניט גרויסע טענות,
דערזעט ווי ס'וואַקסט אַ טאַפּאָל פראַנק-און-פריי
און וואַרפט פאַנאַנדער ברייט די צווייגן זיינע.

* * *

איך האָב דעם זיידנס סעדל פארגעדענקט
און אויך זײַן שטיבעלע מיט די געפארבטע לאָדנס.
אפילו איצט אהין דער פרילינג ברענגט
אלץ, וואָס די אלטעביימער דארפן האָבן.

צי לעבט דער הונט, צי איז פאראן זײַן בויד,
די ענגע שטאל פון האלב-צעפוילטע ברעטער?
נאָך וואקסט די דינע ראבינע לעם פלויט,
וואָס וועט אָן ספק אָנצינדן זיך שפעטער?

איך זע ווי זי פון ווײַטן קוקט אויף מיר
און בעט, איך זאָל זיך לעבן איר געפינען.
\- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
איך נעם ארויס א בייגעלע פאפיר
און אלץ איך שרײַב, וואָס ס'קומט מיר אויפן זינען...

## עס טרעפט

עס טרעפט בײַינאכט אַ שטערן האַסטיק פאַלט,
פון ווײַטן צפון שפּאַרן קאלטע ווינטן.
וואָס בין איך אין פאַרגלײַך מיט דעם וועלטאַל?
אויף אַ פאפירעלע אַ שווארצינקס פינטל,
אַ שנייעלע אין האַנט, א קערנדל אין פעלד,
וואָס איך האָב פון א קנאָספּ ארויסגענומען.
וואָס בין איך אין פאַרגלײַך מיט דעם אַלוועלט?
אַ טראָפּן וואַסער אין אַ טיפן ברונעם,
אַ הייסע טרער, וואָס איך פון אייך באַהאַלט,
אַ דינינק שוועבעלע וואָס צוויי מאָל ברענט ניט.
\- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
אין חלל ביי דער נאַכט א שטערן פאַלט,
זײַן לעצטע ליכט אין שוואַרץ פאַרגייט און ווערט ניט.

## דעם טאַטנס שטוב

דרײַ פֿענצטער צו גאַס און דרײַ פֿענצטער צום הויף,
אַ סטעזשקע, וואָס הינטער די פּלויטן אַנטלויפֿט.
און וויפֿל זי זאָל זיך ניט דרייען, דערפֿירט
צום הילצערנעם גאַניק. איך עפֿן די טיר,
איך זעץ זיך אַוועק לעבן טיש אויף אַ שטול
און שרײַ אויף אַ קול, ווי פֿאַרבלאָנדזשעט: "אַ-או!..
היי, ענטפֿערט, ווער דאָ אין די צימערן לעבט?"
אַ ווידערקול קײַקלט זיך איבער די טרעפּ,
פּונקט ווי אין אַ וואַלד צווישן ביימער עס קלינגט
און אונטער דער קאַלטער פּאָדלאָגע פֿאַרשווינדט.
און אויבן, אין ווינקל, אַ וואַנטזייגער שלאָגט,
איך שטיי לעבן אים און צי אונטער די וואָג.
לעם פֿינצטערער וואַנט, מיט אַ לײַוונט פֿאַרדעקט,
אַן בעטגעוואַנט שטייען אַ בעט לעם אַ בעט.
צוויי לײַכטער מע זעט פֿון די בעטן ניט ווײַט.
צו וואָס דאָ איך זאָל זיך ניט ווענדן - אַלץ שווײַגט...
די סטעליע ווערט נעלם, ס'צעפֿאַלן די ווענט.
ווי קום איך אין שטוב, וואָס דער דײַטש האָט פֿאַרברענט?
איך לאָז זיך צוריק דורך דער טיר אויפֿן הויף,
אַ קאָטער אַ שוואַרצער דעם וועג מיר פֿאַרלויפֿט,
אַ ווינט פֿון די פֿענצטער די אָפֿענע בלאָזט.
כ'געפֿין ניט דעם טויער און ווייס ניט פֿאַרוואָס.
דער דאַך אויף דער ערד איז, און ניט אין דער הויך -
איך זע ניט, ס'זאָל שפּאַרן פֿון קוימען אַ רויך.
נאָר ווײַטער - אויב מאַכן אַ פּאָר צענדליק טריט, -
איז קענטלעך, ווי קונציק אַ באַרנבוים בליט.

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

איך עפֿן די אויגן און ס'דוכט זיך מיר אַלץ -
אַ מעסטל מיט בערעס מיט סלוצקער* איך האַלט...

*סלוצקער בערעס - אַ סאָרט באַרן אין ווײַסרוסלאַנד

* * *

מיט שניי דאָס פעלד וועט אינגיכן זיך פארשיטן,
כ'וועל דעמאָלסט אויך זיך זעצן אין א שליטן
און בארג-ארויף, און בארג-אראָפּ זיך טראָגן,
אז קיינער זאָל ניט קאָנען מיך דעריאָגן,
ביז אין מײַן אלטן שטעטל וועל איך קומען
צו מײַנע שוועסטערקינדער, פעטערס, מומעס...

כ'וועל אויסשפאנען די פערד. דאָרט, ביז באגינען
וועט שפּײַז פאר די בולאנע זיך געפינען:
ס'איז היי פאראן פאר זיי, א מעסטל האַבער,
א שטאל פאר מײַנע אויסגעווײלטע האָב איך.

כ'וועל אויפזוכן דאָס אָרט און אײַך באווײַזן
ווי אויסגעזען האָט דאָרט מײַן טאטנס הײַזל.
פון א פּאפּיר, אונטער א בעט, צי פון אן אלמער,
דאָס קלייניקײַט, וואָס האָט זיך לאנג געוואלגערט,
כ'וועל צונעמען צו זיך און ניט פארשליסן,
און ביז די לעצטע יאָרן וועל איך וויסן,
מיט וואָס איך האָב געלעבט, פארוואָס געבליבן
דאָרט, ווו אמאָל געלעבט האָבן די ייִדן.

## אונדזער חוב

פון רו, פון איר געבענטשטן קוואַל געניסן מיר
דאָס טײַערסטע, וואָס אונדז געהערט און קומט.
מיר ווען אלץ דערגיין, פון אלץ דערוויסן זיך -
זאָל נאָר זײַן שטיל און רויִק אין ארום.

זאָל נאָר די זון, די יונגע רויז אונדז פרייען,
ניט ווערן פון א נײַעם רויך פארוועלקט.
מיר דארפן אלע אין געשטאַלטע רייען
אראָפּנעמען דעם חלף פון דער וועלט.

## פארנאכט נעבן טײַך

פון דעם דערפל וואָס האָט זיך פארהיט,
לענגויס דעם פארוואקסענעם ברעג,
א שטילע ווײַסרוסישע ליד
באגלייט מיך, באגײַסטערט און רעגט.

איך זע: דאָרט א ליכט צינדט זיך אָן,
רויִק א שטערנדל פאלט,
ווו ניט געאײַלט, אויף א קליאָן,
פארהאלטן זיך האָט א שוואלב.

ערגעץ א צווײַג אין דער הויך
האָט פאר איר פארטיק א נעסט.
שטיל. אויף דעם טײַך, ווי א רויך,
האָט זיך א נעפּל געזעצט.

אָפּט, אונטער אים, ווי באשטימט,
סײַוויסײַ רודערט און רוישט.
ווידער א דאמפער געשווינד
גייט פון זײַן האפן ארויס.

בלויז אין א ווײַלע ארום,
ווי נאָך א שמחה, אליין
די פארבאנאכטיקע רו
ווידער וועט קומען צו גיין.

מיר איז ניט ווארעם, ניט קאלט,
מיר איז ניט גרינג און ניט שווער.
ערגעץ, ניט נאָענט, אין וואלד,
ליגט אין זײַן נאָרע א בער.

ערגעץ א ווינט, אין דער פרעמד,
אײַלט זיך אהין, וווּ ס'איז הייס -
אים איז, בפֿרוש, באקוועם
מיט דער נאטור זײַן פארײנס.

ערגעץ שוין ליכטיקער ווערט,
ווידער די זון ווערט בארימט,
ערגעץ אין ים אומבאמערקט
ס׳גאָלדענע פישעלע שווימט.

ס׳קוקט די לבנה ניט בייז
פון א בעריאָזע. אין דאָרף -
איר איז, פארשטייט זיך, אלציינס,
וואָס אין פרימאָרגן קומט פאָר.

און ווי א פרישער געדאנק,
וועלכער, אָן ספק, דערפרייט,
ווידער דאָס זעלבע געזאנג
מיך, גלײַך ווי פריִער, באגלייט.

## די לעצטע נאכט פארן סטארט

רויִק שלאָפט דער ערשטער קאָסמאָנאווט,
פונקט ווי אלע יונגע - אָן חלומות:
ווײַט פון קאָסמאָס-שטעטל, לעבן טײַכל גזשאט,
גוטע, האָרעפּאשנע מענטשן וווינען.

שלאָפט די געגנט ארום בײַקאָנור,
הערט זיך צו צום וועלטלעכן געווירבל.
ניט געאײַלט פארבײַ א מענטש גייט דורך
און פארהאלט זיך לעם גאגארינס שטיבל.

ער וועט איינער שטיל, מיט יידע הענט
צומאכן די אָפּגעשפּארטע פענצטער...
ס׳שטייט דער הויפּט-קאָנסטרוקטאָר לעם דער בעט,
וווּ עס שלאָפט דער קאָסמאָנאווט דער ערשטער.

זײַנע אויגן קוקן אויף אים צארט,
קוקן אין דעם הימל טונקל-בלויען.
עפּעס ניט ווי שטענדיק קלאפּט דאָס הארץ -
ס׳איז ניט גרינג אצינדער קאָראָליאָוון.

## צו דער לבנה

אויגוסט, 1939

אַן אַלטע, אַ קאַלטע
און קריכט אין די הויכן -
מע וועט דיך דערגרייכן...
וואָס טראָגסטו כסדר
בלויז שניי-ווײַסע קליידער,
וואָס לויכסטו באַנאַכט נאָר?
קענסט שרײַען ביז מאָרגן,
קענסט יאָרנווײַז ברומען -
מע וועט צו דיר קומען,
אינגיכן...
זאָלסט ווײַטער ניט קריכן
אַהין, ווו מע דאַרף ניט,
די ציין דײַנע שאַרף ניט -
איך זאָל ניט דערהערן קײַן שטיקל געשריי.
זאָלסט נאָר ניט באלײדיקן זיי,
די געסט,
מיט צו גרויסע פרעסט -
די איידלקײַט פאָדערט
דו זאָלסט זיי אַליין פארבעטן
אויף אַ וואַרמעס אַ פעטן.
זאָלסט וויסן, לבנה,
עס גייען שוין קלאַנגען,
אַז מ׳וועט צ׳דיר אינגיכן דערלאַנגען.

## דער מענטש

ווער האָוועט און ווער רוט, ווער בייזערט זיך, ווער פרייט זיך,
ווער קוקט אויף אלץ קאַלטבלוטיק, ווי מע זאָגט - אַזוי זיך,
און ווער אַ קליינע מיספּאַרשטייעניש לעבט איבער
מיט האַרץ, מיט אומגעלומפּערטקייט, מיט פיבער?

אַזוי איז שוין געבויט דער מענטש, אַזוי געשאַפן,
אַזאַ האָט אים די מעכטיקע נאַטור באַדאַרפן:
מיט אַלע זיינע שוואַכקייטן, מיט אַלע מעלות.
אַ שאָד, וואָס ער איז אין דער אייביקייט אַ ווײַלע.

## פון אייביק אָן

ס׳הענגט אַ נעפּל אויף די פעלדער,
ווײַסע וואָלקנס לאַנגזאַם פּויזען,
נאָר דער הימל בלײַבט דער זעלבער -
ער פאַרהיט זײַן אַלטן אויסזען.
גלייבט מיר, מענטשן, כ׳וואָלט מיט שמחה
מיט די שטערן זיך געטראָפן...
וויפל חכמה, וויפל טירחה
דאַרף מען, עס זאָל ווערן אָפן,
וואָס פון אונדזער אויג פאַרשטעלט איז
תמיד, זינט די וועלט אַ וועלט איז.

## אַ דאַנק

איך בין אַ טײלעכל פון דער נאַטור,
אַ פּינטעלע, וואָס קוים באַמערקן קאָן מען.
נאָר פון מײַן גאַנג פאַרבלײַבן וועט אַ שפּור,
ווײַל ס׳גאַנצע לעבן כ׳האָב אַ גוטן נאָמען.
און אויף דער גאַנצער ערד איז מיר ניט פרעמד
אַלץ, וואָס עס קומט און לעבט אין גוטן אויפן.
אַ דאַנק, וואָס האַלטן קאָן איך אין די הענט
אַ בינטל פרישע בלומען, שנײַ אַ הויפן.

## 4 אָקטיאבער 1957

מיט כוח ער רײַסט זיך ארויס
און פליט אין דער הויך ווי א בליץ.
עס קלינגט אין עפיר און עס רוישט:
א ספּוטניק א רוסישער פליט!

ער האָט א פאנטאסטישן כוח,
די ערד אין איין שעה פליט ארום,
אזוי ווי א שטערן ער לויכט
באנאכט און בייטאָג אומעטום.

און פליִענדיק ווערט ניט פארברענט
אין אומענדלעכן ווײַטן געלויף,
אָט זעט מען זײַן פלוג אין טאשקענט,
און אָט שוין אין וולאדיוואָסטאָק.

דעם קאָפּ האלט פאריסן פאריזש,
עס שפּירט נאָך אים לאָנדאָן און פּראָג.
דער דאנקבארער מענטש אויף געוויס
איז גליקלעך מיט אונדזער דערפאָלג.

א דיכטער קומט אָן און באלוינט
די שעפער מיט זײַנער א ליד.
דער ערשטער אין קאָסמישן רוים
א ספּוטניק א רוסישער פליט!

## א בלום

איך האָב לעם פּלויט באַמערקט אַ בלום אַן איידעלע,
אַן אויסגעפּוצטע אין די גרינע קליידער -
פאַרגעסן, ווי אַן אָפּגענאַרט קליין מיידעלע,
באַהאַלטן פון אַ פרעמדנס אויג כסדר.
פון פאָרנט טיילט זיך אויס אַ וואַלד אַ שיטערער
און פעלדער מיט גערעטענישן רײַכע.
דאָרט וואַקסט אַ בוים מיט ראַבינעס מיט ביטערע,
וואס צו דעם בלימל האָט עס ניט קײַן שיחות.

## עס קומט זיי א דענקמאָל

אין סאָוועטנפּארבאנד איז ארויסגעשיקט געוואָרן א קאָסמישע שיף, אויף וועלכער ס'האָבן זיך געפונען די הינט פּטשאָלקא און מושקא און אויך אנדערע ביאָלאָגישע אָביעקטן. ס'איז פאָרגעשטאנען אויספאָרשן די מאָס פון קאָסמישער באשטראלונג.

זיי שטייען ניט אײַן לעם דעם ליפט,
זיי קוקן אין אלע פיר זײַטן,
און גרייט איז די קאָסמישע שיף
צום פלוג אין די קאָסמישע ווײַטן.

ווער האָט זי געשאפן, באדינט,
א כוח א גרויסן געגעבן?
אין טיף פון דער אלוועלט - צוויי הינט,
צי וועלן זיי בלײַבן לעבן...

צי ועט פאר זיי זײַן גענוג
די מאָס פון דער הילף און די שטיצע?
זיי פליִען, און ס'פירט זייער פלוג
די פינקטלעך באשטימטע אָרביטע.

פון דאָרט ווּהין זיי זײַנען פארפירט,
שוין קומען ידיעות ניט ווייניק.
עס דרייט זיך די ערד. ארום איר
א שיף מיט א שיף זיך פאראייניקט.

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

מעת-לעת'ן שוין פיל האָבן שווער
די צוויי-בעל החיים געוואנדערט...
א דענקמאָל זיי קומט אויף דער ערד,
א דענקמאָל פון בראָנזע - ניט אנדערש.

## דער הויפּט-קאָנסטרוקטאָר

ער זיצט ביים טיש. מע קלינגט אין טעלעפאָן.
ער ענטפערט פּינקטלעך, קורץ און אייגנארטיק.
און ווידער איז דער הויפּט-קאָנסטרוקטאָר דאָרט,
וווּ אלץ איז צוגעגרייט, וווּ אלץ איז פארטיק.

באלד וועט די וועלט דערהערן, וואָס עס האָט פאסירט,
ווי ווײַט דערגאנגען איז דעם מענטשנס שכל.
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
דער הויפּט-קאָנסטרוקטאָר לעבן שרײַבטיש זיצט
און אויף א נײַעם וואטמאן עפּעס צייכנט.

## 12 אפּריל, 9 אזייגער מיט 07 מינוט

- פּאָיעכאַלי, - זאָגט ער, און פליט... -
אויף ווידערזען, ליבע פּלאנעטע!
שוין טיילן זיך אָפּ פון דער שיף
די מעכטיקע צוויי ראקעטעס.

פאנאנדערגעגאנגען איז דער רויך,
און ווידער דער סטארט-פּלאץ פּינקלט...
און ער איז שוין ווײַט אין דער הויך,
מיט שטערן ארומגערינגלט.

און ער שוין, פון דאָרטן, א גרוס
א הארציקן שיקט די זעמליאנער.
ער איז שוין געוואָרן באוווּסט -
זײַן נאָמען איז יורי גאגארין.

- פּאָיעכאלי, - האָט ער געזאָגט
אין פרישן פרימאָרגן אין טריבן,
און ס'איז אָט דאָס רוסישע וואָרט
אויף אייביק אומשטערבלעך געבליבן.

## אויף קאָסמישע וועגן

איך קוק אויף די שטערן ניט זעלטן,
איך וויל זיי אין חלום געפינען.
גאַלאַקטיקעס נײַע און וועלטן -
אָפּט קומען זיי מיר אויפן זינען.

מײַן פּוס - אויף די קאָסמישע וועגן.
דער הימל דער ריינער - מײַן שותף.
אין מדבר - אַ ווארעמער רעגן.
עס אַרבעטן גוט די קאָמפּיוטערס.

## נעבן יורי גאַגאַרינס דענקמאָל

ער שטייט
אויפן מירמלשטיין
פעסט.
פון דאָרט
נײַע העלדן
באַגריסט.
שטערן קומען צו אים
ניט ווי געסט,
נאָר ווי פרײַנט,
ביז איצט.
און אַזוי
טאָג אויס,
טאָג-אײַן -
זייער שיין,
אויסגעפּוצט,
אויסגעקליידט...
שטערן קומען צו אים
ביז הײַנט,
ניט געאײַלט,
שטילערהייט.
דערנאָך -
זייער אָנפירער
הויך
הויבט אָן ריידן
גיט איבער,
דערציילט...
און דער הימל,
ווי שטענדיק,
לויכט,
און די זון,
ווי עס דאַרף צו זײַן,
היילט.
אַרום איר,
אָן געפאַר,
פראַנק-און-פרײַ
רויק דרייט זיך
די פרוכטבאַרע ערד.
און דער חלל
איז אומענדליך ווײַט,
ניט פאַרטיידיקט,
ניט באַהערשט.

## א מענטש - א שטערן

פון די, וועלכע קענטעניש האָבן געזייט,
וועט קיינמאָל פארגעסן ניט זײַן גאליליי.
פון טיף פון יאָרהונדערטער גייט ער ארויס
און קוקט, ווי א מענטש א באוווסטער, פאָרויס.
ער אָרדנט זיך אײַן דאָרט, וווּ בעסער עס לויכט :
אין מיטן דער גאס, אויפן פלאץ, אין דער הויך -
וווּ ער צו דער דאנקבארער מענטשהײַט געהערט.

די גײַסטלעכע האָבן אים דענקען פארווערט
און אויף דעם געריכט האָבן אָפן געזאָגט
אין נאָמען פון קלויסטער, אין נאָמען פון גאָט :
- אנטזאג זיך פון דעם, וואָס דיך האָט באהערשט!
נאָר ער האָט געוווּסט, אז עס דרייט זיך די ערד,
אז גרויס איז איר כוח, אז פול איז איר גאָב -
זי דרייט זיך און וועט פון איר אקס ניט אראָפּ.

זיי האָבן דעם זקן אין תפיסה געבראכט
און דאָרט אין א פינצטערער קאמער פארמאַכט
צו אים זאָל די ליכטיקע שײַן ניט דערגיין.

דער מענטש איז געוואָרן א שטערן געהיים -
א שטערן, וואָס מערער פון אנדערע שײַנט,
וואָס ווערט ניט פארוועלקט, ניט פארלאָשן ביז הײַנט.

## דערמאָנונג

דאָס שטאלעכל, דרײַ קלאפּטער אין דער ערד,
האָט זיך פארהיט נאָך פון די אלטע צײַטן.
אמאָל איז דאָ א בעל עגלה׳ס פערד
געשטאַנען פאר א נײַעם וועג א ווײַטן.
באגינען פלעג דאָס פערדל טרינקען גיין,
דערנאָך מיט שווערער ארבעט זיך פארנעמען.
ביז איצט געפינט מען דאָרטן שטרוי און היי,
א בײַטש, א שטעקל און א פוסטן עמער.

## אפשר

פון אמאָל נאָך, פון די אלטע צײַטן,
וועגן טאָג און נאכט און ווײַטע ווײַטן
האָט דער מענטש ניט אויפגעהערט צו קלערן.
וויפל נײַע בלאָנקענדיקע שטערן
האָבן זיך געשטעלט פאר זײַנע אויגן!
בלויז אין שלאָף איז ער צו זיי געפלויגן.
שטײַגט זײַן שכל און עס וואקסט זײַן כוח -
פליט אין קאָסמאָס זײַנער א שליח.
פון די הויכע הויכן בולט זעט ער
אונדזער אייגנארטיקע פלאנעטע.
אפשר צווישן הונדערט טויזנט וועלטן
איז אזא, ווי אונדזער וועלט, ניט זעלטן?
אפשר צווישן וועלטן גרויסע, קליינע
איז אזא, ווי אונדזער וועלט, ניט איינע?
זאָלן די געלערנטע און דענקער
די היפּאָטעזע די ערנסטע גערענקען.

## מיר שעצן

מיר שעצן
די ווינטן, וואָס קומען,
די רעגנס - געוויטער -
פון פרילינג ביז זומער,
פון זומער ביז הארבסט,
ביז ווינטער.
מיר שעצן די זייער,
מיר שעצן די שניטער,
מיר שעצן
דעם אייביקן כוח
פון הענט פון געניטע -
מיר שעצן.

מיר שעצן
די ריזיקע שטחים,
וואָס ווערן מיט ליבע
באארבעט
פון דרום ביז צפון,
פון מזרח ביז מערב
מיר שעצן מיט שמחה
די בויער,
די פרויען, די מענער.
מיר שעצן דעם מענטש
פאר זײַן טירחה
צו מאכן דאָס לעבן
אלץ שענער.

* * *

איך הייב זיך אויף פון געלעגער
און גיי איינער אַליין ווי אַ יתום.
מען זאָגט, אַז כ'בין אַ שלעכטער יעגער.
אמת, דאָס ברענגט מיר ווייניק הכנסה.

כ'געדענק, ווי אַ העזל פאַר יום-טוב
מיט מיר האָט קאַטאָוועס געטריבן.
עס האָט אַרום מיר זיך געפּלאָנטערט
אַ טאָג און איז לעבן געבליבן.

איך האָב זיך אָן גאָרנישט געלאָזן
דעם זומפּ נעבן אַ וואַלד-וועג אַרומגיין,
און ס'זענען די פּיקסן און האָזן
פון איין אָרט צום צווייטן געשפּרונגען.

איך קום אַ צעדולטער, אַ מידער,
און נעבן מיין שרייבטיש איך מעלדע:
- כ'האָב אָנגעשריבן פיל לידער,
וואָס האָבן געבראַכט מיר דאָס זעלבע.

## צו מייַן מאַמעס אָנדענק

מיט דעם ערשטן פרימאָרגן-רוף
וועק מיך אויף, וועק מיך אויף.
כ'וועל צעעפענען ברייט צוליב דיר
יעדע פענצטער געפארבטע, די טיר,
ס'זאָל די ליכטיקע זון אַצינד
אין דיין צימער אַרייַנשפּאַנען גרינג.
איך וועל תכף אין שטוב, ווי אַמאָל,
ברענגען וואַסער, אַרייַנטראָגן האָלץ,
און ניט שפּעט, אויסער אַלץ, ווי באַשטעלט,
די בהמה באַגלייטן אין פעלד
נעם מייַן האַנט אין דייַן האַנט זיכער, צאַרט
ווי א קינד, אומבאַמערקט, אומדערוואַרט.

## א וויגליד

אין סאָד אין גרינעם איז ניט הייס, -
אויף צווײַגן וויגן זיך די עפּל.
פאַרמאַך די אייגעלעך, מײַן קליינס,
און ווער אַנטשלאָפן אין דײַן בעטל.

כ׳וועל דיך פון פרייד אין ריינעם זײַד
אַרײַנלייגן - דערנאָך פאַרוויקלען...
אַלץ אויף דער גאָרער וועלט איז דײַנס,
איך וויל זאָלסט שטענדיק לעבן גליקלעך.

פון טאָג צו טאָג מיט גרויס געדולד
וועסט קלעטערן צו נײַע הויכן...
דו וועסט מיט חשק גיין אין שול
און לערנען זיך דאָרט אויסגעצייכנט.

וועסט אפשר דאָרט, ווו עס איז פּוסט,
אַן אומבאַקאַנטע וועלט אַנטדעקן.
אין ישוב וועסטו זײַן באַוווּסט,
צו גאַסט דיך וועלן מענטשן בעטן.

כ׳וועל דיך פון פרייד אין ריינעם זײַד
אַרײַנלייגן - דערנאָך פאַרוויקלען...
אַלץ אויף דער גאָרער וועלט איז דײַנס,
איך וויל זאָלסט שטענדיק לעבן גליקלעך.

## מײַן אנערקענונג אין ליבע

די ערטער די אלטע באַזוכן אָפּט קום איך צו פֿאָרן,
באַגעגענען זיך מיט די ווײַטע פֿאַרגאַנגענע יאָרן.
זיי וועלן מיר שטיין פֿאַר די אויגן, אַפילו ווען עלטער כ'וועל ווערן -
דאָרט בין איך געגאַנגען אין חדר, אין שול זיך געלערנט.
ניט מעגלעך זײַן יונג, אויב ניט אײַנהאַלטן טיף אין זכרון
דעם שטילן געזאַנג פֿון אַ פֿויגל אין האָבער און קאָרן.
כ'האָב ליב דאָרט דעם זומער, די ליכטיקע זײַנע באַגינענס,
דעם זאַפּט פֿון דער ווײַסער בעריאָזע, ריאַבינעס די דינע,
די סטעזשקעס אין וואַלד, אין שטאָט - די פּראָספּעקטן די ברייטע -
זיי זײַנען מיר טײַער געווען און טײַער געבליבן ביז ווייטיק.
און ס'גייט ניט ביז איצטער די רעגונג די גרויסע אַריבער -
אין דעם איז מײַן פֿרייד און מײַן אנערקענונג אין ליבע.

1953. באָברויסק

## דער ווינטער קלאַפּט אין פֿענצטער

אַ שטערן מיט אַ שטערן זיך באַקענען,
אַ וואָלקן מיט אַ וואָלקן זיך צעמישן.
צוויי ווײַסע ליכטלעך שטילערהייט דערברענען
אין ווינקל אויף אַ נידעריקן טיש.
אַ בוים ניט ווײַט פֿון וועג שטייט אַ פּאַרטראַכטער,
אים אַרט ניט, וואָס דער זומער איז אַריבער.

איך טראָג אַוועק פֿון טיש די שווערע לײַכטער
און שטעל זיך אָפּ אַליין אינמיטן צימער.
איך שטעל זיך אָפּ און לאָז זיך אינדערפֿינצטער,
איך שטעל זיך ווידער אָפּ און הייב זיך אָן דערמאָנען...
אין פֿענצטער, ווי אַ גנבֿ, קוקט דער ווינטער,
און אויף די הוילע שויבן שרײַבט ער אָן מײַן נאָמען.

## האַרבסטיקע מאָטיוון

ס׳איז אַ האַרבסטיקער פרימאָרגן:
ס׳שפריצט אַ רעגן, ס׳בלאָזט אַ ווינטל,
ס׳האָט ניט שלעכט זיך אײַנגעאָרדנט
אויף אַן עפּלבוים אַ גימפּל.

אַלץ, וואָס ס׳קומט אים, ווערט געגעבן:
ס׳איז ניט קאַלט אים, שפּײַז געפינט ער.
ער וועט זיכער קענען לעבן
אין זײַן נעסט א גאנצן ווינטער.

זעלטן, בלויז פאַרוועלקטע קווייטן,
קאָן מען, ערטערוויַיז, געפינען.
נאָענט, לעם אן אַלטן פּלויטל,
ברענט א ראַבינע אַ דינע.

אָפּטמאָל, אין אַ גוטן אויפן,
שפּילן זיך דאָ קינדער קליינע.
וואָלקנס קומען און אַנטלויפן,
ביז דער הימל ווערט אַ ריינער.

און בײַנאַכט די שטערן בלאָנקען,
די לבנה ווערט אַנטשלאָפן.
הויל דאָס פעלד, הויל די לאָנקע,
ס׳בלאָזט אַ פרישער ווינט פון צפון.

## פּאָלעסיע

דער וואַלד אין זײַן פולן פּאַרנעם
טאָג-אײַין און טאָג-אויס ווערט באַנײַיט.
אָט שטייט לאַנגע יאָרן אַ דעמב,
פון שטעטל קאַפּולע ניט ווײַט.

אויף דעמב אויף דעם ברייטן מיט קונסט
באַגינען אַ פויגל זינגט.
אַ הימל אַזאַ ווי בּאַ אונדז
איז ערגעץ געפינען ניט גרינג.

דער אָוונט - זײַן רויש און זײַן שפּראַך -
פיל צויבערע קלאַנגען אַנטהאַלט.
ער שוועבט איבער אַלטינקן שליאַך,
וואָס איצט איז באַדעקט מיט אַספאַלט.

פון טיף פון פּאָלעסיע דער וועג
דורך מענדעלעס שטעטל גייט דורך.
ניט זעלטן, ווען וואַרעם ס'איז, טרעפט
אַ בושעל די ערטער באַזוכט.

ניטאָ מער די זומפּן דאָרט, ניין,
דאָס פעלד זײַנע שטחים פאַרנעמט.
דאָס אַלץ איז מײַן אייגענע היים,
אָן איר כ'וואָלט דען לעבן געקענט?

## דער פינפטער פּונקט

עס האָט געקאָסט ניט ווייניק מיר געזונט
אין דער אנקעטע אָט דער פינפטער פּונקט.
דערזעענדיק אין אים, ווי אין א שפּיגל, מיך
עס פלעג דער שעף פון שטול א הייב טאָן זיך אויפגיך.
דעם תוך פון דער אינסטרוקציע פלעגט ער פּאָלגן:
- דו קום צו גיין צו מיר ניט הײַנט, ניט מאָרגן,
נאָר אין א וואָך ארום - כ'וועל האָבן דיך אין זינען,
דאַן וועט פאר דיר אן אָרט זיך ניט געפינען...

## אלץ בײַט זיך

אַלץ בײַט זיך: ווען בעסער, ווען ערגער,
ווי ציינדלעך ביי קינדער ביי קליינע.
אין גאָרטן צוויי אָרעמע ווערבעס
בייגן זיך נידעריק און וויינען.
זיי פרייט ניט דער וואַרעמער וועטער,
די זון, וואָס ווערט קיינמאָל ניט מיאוס.
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
אַן ערנסטע צײַטונג איך בלעטער -
כ׳וויל גוטע דערוואַרטן ידיעות.
איך וויל עס זאָל רויק זיין דאָרטן,
וווּ לאַנג האָט ניט אָפּגערוט קיינער.
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
צוויי אָרעמע ווערבעס אין גאָרטן
בייגן זיך איינציקווײַז, וויינען.

## באלאדע וועגן א פארוווּנדעטער שוואלב

אויף א שפּיץ פון א בוים,
לעבן וועג, ניט אין וואלד,
האָט געהאלטן זיך קוים
א פארוווּנדעטע שוואלב.

ווי א טאטע, דער ווינט
מיט דער שוואלב האָט גערעדט.
ס׳האָט די זון, ווי דעם קינד,
אירע פליגל געגלעט.

כ׳ווייס ניט ווער, צוליב וואָס
האָט איר וווּנדן געמאכט.
דעם פארשוין מיט פארדראָס
צו דער שוואלב כ׳וואָלט געבראכט.

כ׳וואָלט אים ערנסט דערקלערט:
אין דער שוואלב קוק זיך אײַן,
וועסטו זען, ווי ס׳איז שלעכט
א פארוווּנדעטער זײַן.

# אין פינף יאָר אַרום

## 1. סארקאפאג

ווען פון דער אטאָם-סטאנציע מיט געוואלד
האָט ארויסגעריסן זיך דער רויך,
איז געוואָרן אומעטיק אין וואלד,
אויף די פעלדער רחבותדיקע - אויך.
ווו דער פּריפּיאט פליסט - א שיינע שטאָט
היינט אָן מענטשן, נאקעט חרוב ווערט.
ס׳גיט א לעבעדיקער ווען ניט קיין טראָט
דאָרט, ווו ס׳איז געוואָרן קראנק די ערד.
גלייך דער טייוול האָט זיך דאָרט באזעצט
און אויף דער מגפה זיך דערווארט...

היינט דער ווילדער אטאָם איז א מת,
אין דעם סארקאָפאג ער איז פארשפּארט.
מ׳האָט אים דאָרטן זיכער איינגעצוימט.

גלייכגילטיקייט גייט ניט דורך אומזיסט.
צרות, צרות אין מיין קאנט -
שטעט און דערפער ווערן פוסט-און-וויסט!

## 2. ביימער

אויף דער אומגעגנט הענגט א נעפּל.
קורצער ווערט אצינדער דער באגינען.
ס׳שטייען ביימער. אויף די צווייגן - עפּל
זויערינקע, זיסע, געלע, גרינע.
אָבער נאָענט ווערט ניט צוגיין קיינער,
אויף דער ערד די רייפע עפּל פאלן...
ס׳בלאָזט א ווינט. די אומרויִקע ביימער
זיינען אויסער זיך פון דער באשטראַלונג.
ווער ווערט זיי ארומגיין און באזאָרגן,
אויב עס איז פארשלאָסן טיר און טויער?
ס׳גייט ארויס די זון. ס׳קומט דער פרימאָרגן
לאנגזאם אויף דער ניט-געזונטער רויערד.

## 3. דאָס געזעגענען זיך

ס׳איז פוסט געוואָרן, אומעטיק און שטיל
אין דערפל לעם שטעטעלע נאַראָווליע.
דער לעצטער פּאָרט אוועק פון דאָרטן ניל
צוזאמען מיט זײַן אכציקיאָריקער פראסקאָוויע.
די אלטע גיט זיך אין איר בעט א וואָרף
און אין געוויין פארגעסט, ווו זי געפינט זיך.
דער לעצטער אײַנוווינער פארלאָזט דאָס דאָרף,
ווי א קאפּיטאן - די שיף, וואָס טרינקט זיך.
ער גייט פון וואנט צו וואנט און עפּעס זוכט,
נאר ס׳גיט זיך אים ניט אײַן די זאך געפינען.
דער שאָפער האלט ניט אויס: ער בעט זיך, רופט -
ער האָט קיין רעכט ניט ווארטן ביז באגינען.
ער דארף זיי תיכף אפפירן אהין,
ווו פריש און ניט פארשמוציקט איז דער באָדן.
זײַן קלוגער הונט שטייט לעבן דער מאשין
און ווארט, וואָס ס׳וועט דער בעל הבית אים זאָגן.
נאָר ס׳איז דער בעל הבית פון ווייטיק שטום,
אין סאָד די ביימער אָן באוועגונג שטייען.
הינטערן דערפעלע פארגייט די זון,
אין שטאל א ווײַסער האָן האָט זיך צעקרייעט.

לעם טויער, אויף דער ערד, א קאָטער זיצט
און קוקט אויף דעם געזעגענען זיך פשוט.
אים ארט ניט, וואָס אויף אים א רעגן גיסט,
וואָס עס איז אָנגעקומען שוין דער אָסיען.

## 4. קינדער

מע האָט אין דער שווייץ
זיי פארבעטן,
בפרט אין די ערטער אזוינע,
ווו שטענדיק די לופט
איז א ריינע
און ווו ס׳איז די ערד
אָן סטראָנצי.
ס׳וועלן טשערנאָבילער קינדער
אין ווארעמע ימ׳ן זיך באָדן,
ווײַנטרויבן ריינע עסן,
יאגעדעס קלײַבן און שוואָמען.
ס׳איז פאר דעם קליינוווארג
אלץ מעגלעך, -

ארומגיין אין וואלד
ניט געפערלעך.
כ׳וואָלט זיי
אָן רייד
אָפּגעגעבן
מײַן ניט-גרויסן פארמעגן -
דאָס הארץ,
מײַן געזונט,
די נעשאָמע...

גאָט זאָל אײַך כוחות געבן,
קינדערלעך פון טשערנאָביל.

# אַ ציגײַנער

אַ ציגײַנער טאַנצט אינמיטן מאַרק
און פֿאַראײנס פֿאַרציט אַ נײַ לידל.
און דער עולם איז צופֿרידן שטאַרק
פֿון די טענץ און פֿון דעם װוילן ניגן.

זאָל, װי אַלע מאָל, די שײנע װעלט
זען װי אַ ציגײַנער קען ניט רוען.
מענטשן אין זײַן היטל װאַרפֿן געלט -
גוטע מענטשן װײסן װאָס זײ טוען.

אויף זײַן שלאַנקן קאָפּ דער הימל פֿאַלט
ניט געאײַלטערהײט, שפּעט אין זומער.
ער פֿאַרדעקט דעם טרוקענעם אַספֿאַלט,
און די הײַזער אַלע, און די בײמער.

און װו טיף די באַלקע הױבט זיך אָן,
װי אין אָסיען נאָך אַ קאַלטן רעגן,
פֿון דער נידער ניט קײן יונגער קליאָן
קאָן ניט אײַנשטײן, הױבט זיך אָן באַװעגן.

און װי פֿריער, אָן פֿאַרדראָס, אַלײן
דער ציגײַנער זינגט פֿון פּולן האַרצן...
ערגעץ אַ ציגײַנערין אַ שײנע
אויף איר חתן קאָן זיך ניט דערװאַרטן.

ניט זי עסט אַצינדער, נישט זי שלאָפֿט
און דערציילט נישט קײנעם װאָס באַדײַט עס.
און נעבן דער לאָנקע הינטער דאָרף
צװישן סאַסנעס הױכע ברענט אַ שײַטער.

1947

## צו א פרוי

צו וואָס זיך פארייִנגערן,
זיך נעמען צום הארצן
אין שטילקײַט פון בענקען,
אין רו און אין ווארטן.
און נאָכאמאָל זוכן,
און ווידער געפינען
דעם שפור,
וואָס קאָן תיכף
דיך ברענגען,
ווי פריִער -
דיך ברענגען צו פירן
א גוטע, א שיינע,
צו מיר, מײַן נשמה,
צו מיר נאָר דעם איינעם.

* * *

אויפן פריפעטשיק ברענט נישט קיין פייערל,
נאָר אין שטוב ביי אונדז איז נישט קאַלט.
זיי נישט אויסער זיך, מיין טייערע,
דיינע בלויע אויגן נישט באַהאַלט.

איך בין מיט דיר מסכים ווען זיך:
פינקטלעך, ווי דו האָסט באַשטימט,
וועלן אַלע געסט צעזעצן זיך
דאָ, ביים קיילעכדיקן טיש.

ס'וועט אַ פליטע אַן אַלטע דרייען זיך
דאָ, אויפן טיש, נישט זייער גיך.
און מיט דיין געבורטס-טאָג פרייען זיך
מער פון אַלעמען וועל איך.

## א בריוו דער מאַמען

האַלבע נאַכט. ס'איז דער הימל שוין מיד,
נאָר די שטערן, ווי שטענדיק, פלאַמען.
נאָך אַ ווײַלע וועט דורכגיין, איך ענדיק דאָס ליד
דיר געווידמעט, מײַן טײַערע מאַמע.

ווען אינגיכן מײַן בריוו צו דיר, מאַמע, דערגייט -
כ'ווייס, וועסט אים לאַנג געדענקען.
אָט זע איך פונוויַיטן ווי גרויס איז דײַן פרייד
אין שטילקײַט פון ליכטיקן בענקען.

דו געדענקסט: אין פאַרטאָגן געראַמע
שטיי איך אויף אויפגיך, צוליב וועמען?
מײַן ליבע, מײַן טײַערע מאַמע,
איך וועל לויפן נאָך וואַסער אַן עמער.

אפשר צוויי וועל איך ברענגען צוזאַמען -
ס'איז ניט ווײַט יענער דעמבענער ברונעם.
איין מינוט זאָלסטו צוּוואַרטן, מאַמע, -
מיט פולע עמער אין שטוב וועל איך קומען.

טו אַ קוק ווי ס'איז זאַפטיק די ראָסע,
יעדער סטעזשקעלע ווייס איך און וועגל...
אָט הער איך ווי ס'רוישט די בעריאָזע,
אָט שײַנט זי, די זון, מיר אַנטקעגן.

כ'ווייס געגוי: ווען אַהיים כ'קום אַצינדער,
נאָך פון ווײַטן וואָלסטו מיך דערקענען.
גוטע מאַמע, כ'וועל לויפן געשווינדער
קלאָרע וואַסער דיר ברענגען אַן עמער.

1938

## אויב ס׳איז אומעטיק דיר

אויב ס׳איז אומעטיק דיר - אַ געשפּרעך ניט פֿאַרפֿיר
וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך געטראָפֿן מיט דיר,
און דאָס זעלבע - מיט מיר, און מיט מיינעם אַ פֿריינט.
כ׳וויל פֿאַרשטיין, כ׳וויל פֿאַרשטיין, וואָס דיין שווייגן באַטייט.
ניט דער האַרבסטיקער ווינט פֿון די צען ענגע טרעפּ
אין דיין ליכטיקן צימער אַריינדרינגען שטרעבט.
האָב ניט מורא פֿאַר אים, זיין געלויף ניט פֿאַרהאַלט -
דאָס איז דער, דאָס איז דער, וואָס ווערט קיינמאָל ניט אַלט.
זיי ניט בייז און ניט ברוגז אויף אים. אומבאַדינגט
הער זיך איין ווי ער רעדט, הער זיך איין ווי ער זינגט
פֿראַנק-און-פֿריי, גאַנצע טעג, שפּעט ביינאַכט, אין דער פֿרי...
אויב ס׳איז אומעטיק דיר - אַ געשפּרעך ניט פֿאַרפֿיר.

## אין אַ גוטן אויפֿן

ווער ס׳איז שטאָלץ ביי זיך, ניט פֿאַרפֿאָלגט,
מיט דערפֿאָלג וועט דעם ציל דערגרייכן
קום צו גיין צו מיר, מיַין גאָלד,
איך וויל זען ווי גוטמוטיק דו שמייכלסט.

אינדערפֿרי אויפֿן גאַס איז ניט הייס -
ס׳רוען פֿייגלביימער לעבן פֿאַרקן.
קום צו גיין צו מיר, מיַין טרייסט,
ניט דערלאָז איך זאָל דאַרפֿן וואַרטן.

ניט דערלאָז איך זאָל בליַיבן אַליין,
ווי אַ יתום, ניט גיין, ניט לויפֿן...
הויב זיך אויף פֿון דער נידער, מיַין פֿרייד,
אין אַ גוטן אויפֿן, אין אַ גוטן אויפֿן.

## כ׳וועל אויף דיר ניט האָבן קיין פאריבל

נעם מײַן האנט און דריק זי צו צו זיך -
סײַוויסײַ וועט זײַן אזוי ווי פריִער,
סײַוויסײַ אין קאָפּ דער אָסיען קריכט,
וויפל ס׳זאָל דער זומער זיך ניט ציִען.

אויב דו ווילסט, אז דיר זאָל זײַן באקוועם,
טרוימען זאָלן גיך מגולגל ווערן, -
זע, ווי בלעטער פאלן פון א דעמב,
פונקט ווי קאלטע פונקען פון א שטערן.

זייער גאָלד און זילבער שטענדיק רעגט
סײַ א מענטש אַן אלטן, סײַ א יונגן.
ס׳ברענט א דינע ראבינע לעם וועג,
וועלכע האָט זיך זעלטן אָנגעצונדן.

כ׳האָב א בוים אזא געזען אין פעלד
און אין דאָרף באגעגנט לעם א שטיבל.
נעם מײַן הארץ ארויס, אויב דיר געפעלט,
כ׳וועל אויף דיר ניט האָבן קיין פאריבל.

נעם מײַן האנט און דריק זי צו צו זיך -
סײַוויסײַ וועט זײַן אזוי ווי פריִער,
סײַוויסײַ אין קאָפּ דער אָסיען קריכט,
וויפל ס׳זאָל דער זומער זיך ניט ציִען.

## ווען דיר

געדענקסט? עס קאָן נישט זיין דו זאָלסט פאַרגעסן,
נישט פאַרגעדענקען יענע ווייטע טעג...
דו ביסט אויף אונדזער בענקעלע געזעסן
און געלייענט לידער פון מיין העפט.

די האָסט געזאָגט, אַז כ׳בין אַ ווילער יינגל,
נאַר נישט קוויטקאָ, נישט כאַריק, נישט האָפשטיין.
געדענקסט, די גאַס, דאָס נידעריקע שטיבל,
דעם גאַניק, וווּ מיר פלעגן ביידע שטיין?

נישט ווייט האָט זיך בעריאָזע-טייך געצויגן
און האָט מיט כוואַליעס זיך געשפּילט.
געדענקסט, כ׳בין צוגעגאַנגען צו דיין זיידן -
ער האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן מילד...

אין צימער איז אַריין די באָבע אסתר
און מיר מיט פרייד איר דאַרע האַנט דערלאַנגט.
און קינדער האָבן זיך נאָך אַלץ געפּליעסקעט
אין דעם בעריאָזע-טייך, אזוי ווי היינט.

## פונקט ווי א בלום

יאָ, דו דערמאָנסט מיט פארגעניגן
די פרילינגס יענע און די ווינטערס,
איך ווייס, האָסט ניט געזוכט קיין גליקן
און זוכסט זיי אויכעט ניט אצינדער.

מיר דאכט, דו ביסט געווען, ווי קיינער,
סײַ אומפארשטענדלעך און סײַ פשוט -
פונקט ווי עס איז א בלום א שיינע
באהויכט מיט פרילינג-דופט אין אָסיען.

## ווו עפּל-ביימער בליען

אין סאָד די אַלטע עפּל-ביימער בליען
ווי פּאַראַיאָרן, אויסגעצייכנט, שיין.
איך וויל דו זאָלסט זיך גוט צו מיר באַציען,
איך דאַרף דו זאָלסט זיך גוט מיט מיר באַגיין.

אויב טרוימען, מערסטנטייל, מגולגל ווערן,
קומט זיכער אָנערקענונג, רום, דערפאָלג.
איך גלויב, אַז ניט אומזיסט אַ קאַלטער שטערן
ווייט אָפּטרעטן פון אונדז האָט ניט געוואָלט.

איך גלויב, אַז ער איז ניט פון יענע עדות,
וואָס זיינען, ווי מע רעכנט, טויב און שטום.
ניט זיי אויף אים אַ גאַנצן אָוונט ברוגז,
ניט קוק אויף אים אַ גאַנצן אָוונט קרום.

ניט רעכן, אַז זיין מצב איז פאַרענדיקט,
אַז דיך, אין וועג, אַ שוואַרצע קאַץ באַגלייט.
בלייב ווילגעשטימט, מיין טייערע, איך בעט דיך,
בלייב אומדערגרייכבאַר, מילד ווי יונגערהייט.

ניט זאָג זיך אָפּ די אַלטע וווּנדן היילן,
גיי דורך די שוועל פון בענקען רויִק, אָן פאַרלוסט.
וואָס וועט דער קומענדיקער טאָג דערציילן
דער שיינער וועלט. וואָס וועט ער ברענגען אונדז?

צי ווייסט ער וואָס אונדז פעלט, וואָס אונדז איז הייליק,
וואָס אונדז איז קיינמאָל ניט געווען פרעמד?
ניט הויך אַ וואָלקן אויף דער העלפט צעטיילט זיך,
דער זעלבער שטערן אויפן הימל ברענט.

ער היט זיין אָרט אין דער אַלוועלט ווי פריער,
אים איז בפירוש, אומבאַשטימט די צייט.
איך וויל דו זאָלסט זיך גוט צו מיר באַציען -
באַטראַכט זיך וואָס דאָס הייסט, וואָס דאָס באַטייט.

1968

* * *

אין גאָרטן אַן איווע ווײַנט,
לעם איר שטייט אַ טאָפּאָל אַן עקשן.
אין וואַלד ביידע וועלן מיר גיין,
וו שוואָמען און יאַגעדעס וואַקסן.

דאָרט אַלץ איז פאַראַן. דאָרט רױשט,
ווען ביימער לאַנגיאַריקע בליען.
ניט וואַרט ביז די זון וועט אַרויס -
קום צו גיין, קום צו פליען.

פאַרהאַלט זיך ניט צופיל, וויבאַלד
די לופט איז אַ פרישע, אַ ריינע.
מיט קאָשיקעס פולע פון וואַלד
מיר וועלן אַהיים גיין איניינעם.

**טרערן**

ס׳האָט קיינער לעם טעאטער ניט באמערקט,
ווי ס׳האָט א פרוי זיך צו דער טיר גערוקט.
זי האָט אן אָרט פארנומען אין פארטער
און אויף דער בינע נײַגעריק געקוקט.

און ווען עס האָט דער פאָרהאנג זיך פארמאכט,
און ס׳האָט דער זאל גענומען זיך צעגיין,
איז זי נאָך אלץ געזעסן און געטראכט
און, טראכטנדיק, פונקט ווי א קינד, געוויינט.

די אלטע פרוי געדענקט דעם מיוזיק-האָל,
וווּ לוסטיק האָט געקלונגען די מוזיק,
וווּ זי געזונגען האָט ניט אָן דערפאָלג
מיט צוואנציק, דרײַסיק, פערציק יאָר צוריק.

* * *

אַ דענקמאָל און אַ וואַרעמער פּאַרנאַכט.
אַ גלייכע גאַס, אַ סעדל. סיגרין דאָס גראָז.
און נעבן סעדל לאַנג אַ מיידל וואַרט,
און ער איז אַלץ נישטאָ, פאַרוואָס?

זי ציילט די צייט און וויל נישט בלייבן מער,
און ציט אַרויף איר טיכל אויפן קאָפּ,
און אויף דעם טרוקענעם אַספאַלט אַ טרער
פון אירע בלויע אויגן פאַלט אַראָפּ.

און נישט געאיילט פון דעם באַקאַנטן אָרט
דאָס ערשטע מאָל אָן בלומען גייט אַוועק.
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
דער זעלבער דענקמאָל און אַן אַלטע שטאָט,
און ביימער קורץ געשוירענע נעבן וועג.

## מערסטנטייל פּאַראייניקט

דער אויגנבליק ביי איר - די צוויי שוואַרצאַפּלען
ווי מיט אַ סקאַלפּעל שאַרף מיין פּנים דראַפּעט.
זיי גריבלען זיך אין אים, ניט זעלטן צערטלען,
און וואַרעמען, און בייסן, ביז סיקומט די עלטער.
אָ, וואָס דערנאָך פּאַסירט - ניט אַלע ווייסן :
פלאָגן, אונטער יידע אויגן קנייטשן.
דער אויגנבליק ביי איר, ווען פול מיט חן איז,
אונדז קאָן צעשיידן, מערסטנטייל פּאַראייניקט.

## צו אַ נאָענטן פרײַנט

אויב דו ביזט גרוי אָ ביסעלע געוואָרן,
אויב דו ביזט צוגעגאַנגען צו דער שוועל,
ניט זאָג, אַז שולדיק זײַנען דײַנע יאָרן,
ניט זאָג, אַז שולדיק איז די גאַנצע וועלט.

איך מיין, אַז דיר וועט מזל-ברכה ברענגען
דער נייער יאָר מיט זײַנע שיינע טעג.
ניט אַלע שטערן צווישן זיך פאַרברענגען,
ניט יעדער וואָלקן רויִק גייט אַוועק.

ניט אַלץ, וואָס אָפּטמאָל לייגט זיך אויפן זינען,
וועט הויך זיך שטעלן פונקט אַנטקעגן אונדז.
עס איז ניט גרינג, ניט גרינג,ניט גרינג געפינען
דאָס אָרט מיט מענטשן גלײַך אונטער דער זון.

ניט בלייב פאַרגליווערט נעבן דער מזוזה,
אויב דײַן געביידע פאַלט פאַנאַנדער, ברענט...
ווען צו אַ דיכטער קומט צוגיין די מוזע,
איז דאַן די גאַנצע וועלט אין זײַנע הענט.

## דער ווינט פון באַנײַיונג

אונדז האָבן אָן רײַעס געמשפּט ניט-ערלעכע ריכטער,
אונדז פלעגן ענדגילטיק פאַרורטיילן שטרענג טריבונאַלן.
די בלוטיקע, טראַגישע בלעטער פון אונדזער געשיכטע
ערשט איצט וועלן ווערן פאַרקריצט אין די מעמאָריאַלן.

נאָך לאַנג וועלן ווײַבער - די בעסטע פון זיי און די פײַנסטע -
אין חלום בײַ אײַזערנע פלויטן אונדז זעלטן באַזוכן.

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

דער גוטער, דער וואַרעמער ווינט פון באַנײַיונג באַגײַסטערט
און בלאָזט אָן די זעגלען די ווײַסע פון ליכטיקער צוקונפט.

* * *

כ׳האָב היינט פארטאָג א זאָג געטאָן דער זון:
לײַכט און גאָר, דער שד וועט דיך ניט נעמען!..
אז איך בין יונג, ווי ס׳דארף צו זיין, געזונט,
און ס׳קאָן דער טאטע זיך מיט מיר ניט שעמען.

דער ערשטער שניי האָט זיך געלייגט ניט גרינג,
פון בארג אַראָפּ האָט זיך געלאָזט א שליטן -
גראָד דאָ נאפּאָלעאן, אנטלויפנדיק געשווינד,
האָט אָנגעווירן דאָס בארימטע היטל.

אים האָבן פויערים געיאָגט מיט העק,
אים האָבן פויערטעס געשאָלטן ביטער.
עס איז געווען אַן אמת׳ער געשלעג,
אַז ס׳האָט דער הימל זיך געוויגט פון ציטער.

און ס׳האָט געבייזערט זיך פון אָנהייבאן
א ווינט לעם דער בערעזינא דער ברייטער.
דאָ האָט זיין רום געפּטרט נאפּאָלעאָן -
פונדאנען האָט ער קוים געמאכט די פליטה.

דא האָט דער פראָסט אים לעבן ניט געלאָזט,
דאָ האָבן זיינע אויערן געפרוירן...
ס׳איז גרינג צו זאָגן קעמפן מיט א פראָסט
אויף פרעמדע פעלדער און אין פרעמדע באָרן.

לאַכט די זון, די ווינטערדיקע זון.
ס׳איז גוט, זאָגט זי, פון אים נקמה נעמען,
און איך בין יונג, ווי ס׳דארף צו זיין, געזונט
און ס׳קאָן דער טאטע זיך מיט מיר ניט שעמען.

1938

## אויגוסט 1991. מינסק

ארום דער אימפּראָוויזירטער טריבונע
האָבן זיך אויסגעשטעלט דעמאָנסטראַנטן:
מענטשן גייען אוועק, מענטשן קומען
מיט פּלאַקאַטן, מיט טראַנספּאַראַנטן.

איינער אומרויִק הייבט אָן דערציילן,
וויפל צײַט אויף משקולות מיר שטייען:
נעבן א פּלויט, אויפן פּלאַץ, פּאַר אַן עולם
אַן אָפּגעדרוקט בלעטל מײַן חבר לייענט.

ניט פון ליבע אונדז גיט ער צו וויסן,
וואָס עס איז אָפּטמאָל ניט לײַכט צו באַנעמען.
כ׳האָב דערזען: א פּאָעט אויף א טישל
שטייט און לייענט א לאַנגע פּאָעמע.

אויף דעם קרייצונג פון צוויי ברייטע גאַסן
יונגע מענטשן אָן אויפרוף באַהאַנדלען.
אויפן הימל, ביז שפּעט, ניט געלאַסן
גרינג א וואָלקן א האַרבסטיקער וואַנדערט.

פלינק א פויגל פון איין בוים ווערט נעלם
און באַווײַזט זיך אין קרוין אויף א צווייטן.
ווי שליחים צוויי פייגעלעך שנעלע
ביז דעם שטאָט־סטאַדיאָן מיך באַגלייטן.

דאָרטן, נעבן די נידעריקע הײַזער,
וווּ ס׳איז לעבן א צינדער ניט ביליק,
יעדער איינציקער וועט אײַך דערווײַזן,
אַז אַצינד איז ניט אָסיען, נאָר פרילינג.

## גולאַג

פון אָט דעם וואָרט האָט יעדער בוכשטאַב זײַן באַטײַט,
זיי זײַנען צווישן זיך צונויפגעפּלאָכטן.
אָ, וויפל מענטשן האָט מען אויסגעשאָכטן
אומשולדיקע אין יענער שווערער צײַט.
ס'וואָלט גיכער אָנגעקומען אונדזער זיג,
ווען אויף די שלאַכטפעלדער סאָלדאַטן פלעגן פאַלן.
ווי נייטיק זײַנען אונדז געווען די גענעראַלן,
וואָס זײַנען אין סיביר געווען פאַרשיקט!

## דער מעמאָריִאַל

עס וועלן זיך בײַטן דורות,
די ערד וועט זיך דרייען, באַוועגן.
און ער וועגן סטאַלינס גזרה'ס
וועט שרײַען און וועקן און פרעגן.

## הירש רעלעסן געווידמעט

טאָגטעגלעך, פרי, ווען ס'גייט די זון אַרויס,
ווען נאָך אַ קאַלטן ווינטער קומט דער זומער, -
צו דיר די יונגע יאָרן פלוצעם קומען -
פון זיי - די גליקלעכסטע געפינ, קלײַב אויס.
זיי וועלן זאָגן, וואָס דו האָסט דערגרייכט,
ווי שווער דו ביסט צו דעם דערפאָלג געגאַנגען...
כ'האָב ליב און ליב געהאַט די לידער דײַנע -
די פריילעכע, די אומעטיקע אויך.
עס וועלן דורכגיין יאָרן שווערע, גרינגע,
און ס'וועט די וועלט זיך ביסלעכווײַז באַרוען...
וואָס וועלן זאָגן וועגן אונדז קינדס-קינדער,
געלערנטע, געזעלשאַפטלעכע טוער?
צי וועלן יענע יונגעלײַט, בפירוש,
בלעטערנדיק ביכער, זיך פאַרטראַכטן
ווי מיר זײַנען געשטאַנען אויף משקולות
און פלעגן שטאַרבן ניט בלויז פון אינפאַרקטן.

## זיכרון

דאָרט האָבן אסירים בפירוש
פון פרי ביז באנאכט זיך געמאַטערט.
דאָרט זײַנען ניטאָ קיין מצבות,
קיין דענקמאָל ניטאָ איז אוואַדי.
ווי ווײַט זײַנען איצט יענע יאָרן,
נאָר אָפּטער און אָפּטער און אָפּטער
עס שטעלן זיך אויף אין זיכרון
די אומשולדיק באַשטראָפטע.

* * *

מיט מיר האָט מען זיך זעלטן ווען באַרימט,
נישט אַלעמאָל מיך, ווי אַ מענטש, פאַרשטאַנען.
מיין אורטייל איז שוין דאַן געווען באַשטימט,
נאָך איידער ס'האָט געבוירן מיך די מאַמע.

מיין טאַטע, פונקט ווי אַלע טאַטעס, לאַנג
אַ וועג אַ גוטן האָט פאַר מיר געקליבן,
נאָר ער איז נישט געקומען צום געדאַנק
אַ קוק טאָן, וואָס אין אורטייל איז פאַרשריבן.

* * *

דאָס ווינטעלע בלויז לעבן בוידעם פארהאלטן זיך וויל ניט,
נאָר זעט, ס'קאָן אפילו דער ווינט אין דער שטוב ניט פארגעסן,
ווי שיין און ווי ווויל איז ביי אונדז אין דער געגנט דער פרילינג,
דאָס שטעגעלע ווײַט אינעם פעלד און די ריטשקע אין געסל.

שיין שפרייט זיך פאנאנדער א לאָנקע מיט זאפטיקע גראָזן,
אין אָוונט פון שמחה באלויכט זיי א ליכטיקער שטערן.
איך ווייס ניט - ווי קאָן מען זיך רירן פון אָרט און פארלאָזן
דעם קאנט, וועלכער האָט דיך דערנערט און געהיט און געלערנט.

* * *

א דאַנק דעם זומער פאַר די טעג די לאַנגע,
דעם ווינטער - פאַר דעם שניי און פאַר דעם פראָסט.
וואָס וואָלט איך קאָנען טאָן אַצינד אָן דאגות
און אָן א האַרצקלאַפעניש, אָן פאַרדראָס.

כ׳וואָלט אָן אַ שטיקל אַרבעט בלײַבן זיכער,
און ס׳וואָלט זיך ציען גלאַט אַזוי די צײַט.
זאָגט וואָס איר ווילט, נאָר איך בין פאָרט אַ דיכטער -
איך האָב פאַרגעסן לאַנג וואָס רו באַטײַט.

איך בין אינמיטן וועג שטיין ניט געבליבן,
כ׳האָב ניט געציילט די דורכגעמאַכטע טריט...
זאָגט וואָס איר ווילט, איך האָב ניט קיין פאַריבל -
אַ ליד אין אַלע צייטן בלײַבט אַ ליד.

מיט איר איז לעבן גוט און גרינגער האָפן,
די ערד די קײַלעכדיקע אַנדערש זען...
מיט איר איך האָב פאַרהיט מײַן מאַמע-לשון
און זיך מיט אים צעשיידן ניט געקענט.

## קוראָפּאַטי

ווער ס׳ליגט דאָ, מע ווייסט ניט ביז איצט,
נאָר ס׳אייניקל מײַנס וויל עס וויסן.
פאַראַן אַזאַ אָרט לעבן מינסק -
קוראָפּאַטי, דאָס אָרט פון צעשיסונג.
א ווייטיק צום האַרצן שפּאַרט אָן,
ניט מעגלעך פאַרגעסן, זיך היילן.
פון אַלץ, וואָס דאָרט האָט זיך געטאָן,
מען דאַרף פאַר די דורות דערציילן.
ניט ריכטיק, אַז גזרה און שאַנד
באַהאַלטן מע קאָן און פאַרדעקן.
מע דאַרף - די געשיכטע פון לאַנד
זאָל בלײַבן אָן ווײַסע פלעקן.

## כ׳האָב דערמאָנט זיך

כ׳האָב דערמאָנט זיך:
הינטערן שטעטל
זײַנען טאָפּאָלן געשטאַנען.
אויף די שטחים האָבן בויער
אויסגעבויט אַ גרויסן מויער.
נאָר די מענטשן,
וועלכע וועלן
דירות גוטע
דאָרט באַקומען
ווייסן ניט וועגן די ביימער
און וועגן דעם אַלטן ברונעם,
וועלכער האָט זיך דאָרט געפונען.
הינטערן שטעטל,
אויף א בערגל,
צווישן צוויי ניט גרויסע הײַזער,
זײַנען ווינטמילן געשטאַנען.
אין די הײַזער אין די קליינע
לאַנגע יאָרן לעבט ניט קיינער.
פון די מילן לעבן ווערדל
ניט געבליבן איז קיין שפענדל.
אויסגעלייגט מיט גלאַטע שטיינער
איז דער וועג צו יענעם מקום.
ס׳חלומ׳ן זיך מיר דאָ ביימער
און דער מילנער אליָקים.

## קאַסקאַדיאָר

ער פליט ווי אַ פויגל און שפרינגט פון די דעכער,
און לויפט ווי אַ מזיק און וואַרפט זיך מיט קוילן,
ער דראַפּעט אַרויס זיך פון פינצטערע לעכער
און וואַרט ביז דער שעף וועט אים ווידער באַפוילן
אין פעסטונג אַרײַן, מיט געוואַלד זיך פאַרשפאַרן
און אויפהערן דאָרט מיט די קוילן זיך שפילן -
אַזוי איז פאַרשריבן געווען אין סצענאַר,
פון וועלכער דער הויפט-רעזשיסער מאַכט אַ פילם.

* * *

אויף אַ בוים אַן אַלטן אַ זשוראַוו אַ ווײַסער
נאָענט, ווו די באַלקע, אינדערפֿרי באַווײַזט זיך.
אינדערפֿרי באַווײַזט זיך און בלײַבט שטיין פֿון ציטער,
ווו די ערד ביז הײַנט איז עלנט, קראַנק און ביטער.
עלנט, קראַנק און ביטער, קאָן צו זיך ניט קומען
ווי נאָך אַ געוויטער, ווי נאָך אַ מהומה.
הייסע שטיינער קנאַלן, ווי אין וואַלד, ניט שטיל איז -
מײַנע קרובים אַלע האָט דער פֿײַנט פֿאַרטיליקט,
צוגעכאַפּט מײַן אייגנס ווי אַ גאַזלען, מיאוס...
אוי, זשוראַוו, מײַן פֿויגל, אָפּטער קום צו פֿליען.
קום צו פֿליען, ברודער, דו ביזט זייער נויטיק,
ווען אין האַרצן רודערט, ווען ס'איז גרויס דער ווייטיק.

## דע-יורע, דע-פֿאַקטאָ

דער עלטסטער האָט לאַנגזאַם געקוקט אין פּאַפּיר,
דערנאָך - האָט געבעטן באַווײַזן דעם פּאַספּאָרט,
צי בין איך דע-יורע אַ מענטש, צי דע-פֿאַקטאָ.
דערנאָך - ר'האָט געזאָגט מיר: ער איז אויך-מחויב
דערוויסן זיך פּינקטלעך וואָס טראַכט איך, וואָס טו איך.
צוויי פֿונקציאָנערן, צוויי אַלטע באַקאַנטע
פֿאַרגיבן מיר אָפּטמאָל די פֿראַגע די אַלטע:
צי בין איך דע-יורע אַ ייד, צי דע-פֿאַקטאָ
און ווי כ'בין פֿאַרשריבן געוואָרן אין פּאַספּאָרט.
זיי וואַרטן ניט ביז איך וועל ווערן ברוגז
און בעטן אַנטשולדיקן זיי, ווי דער שטייגער.
מע פֿרעגט מיך, וואָס בין איך, נאָר ענטפֿערן כ'קאָן ניט -
דע-פֿאַקטאָ - אַ ליריק, דע-יורע - אַ גאָרנישט.

## כ׳וועל מורא ניט האָבן

איך דאַרף ניט פון קאָפּ ביז די פיס זײַן באַוואָפנט -
אָן מורא איך קאָן זיך אַוועקלייגן שלאָפן.
אָן מורא כ׳קאָן אויפשטיין, אָן מורא - שפּאַצירן,
מיט שלעסער מיט פינף ניט פאַרשליסן די טירן.
איך גלויב ניט, אַז איינער, אָן מורא, אין פיבער
וועט פּלוצים אַרײַנכאַפּן זיך אין מײַן צימער.
וואָס קאָן ער פון אָט דער גנבה געניסן?
אַ קעפּעלע קרויט, עפּשער האָניק אַ ביסל,
די יידישע ביכער, וואָס שטייען אין אַלמער
ווי אַלטע מצבות אויף אַ בית עלמין.

## צום ווינט

מיך הערט דער ווינט
און לויפט געשווינדט,
ווײַל, וואָס איך זאָג אים,
טוט ער...
אַ שטופּ די טיר,
אַז ס׳זאָל פון איר
אַרויסגיין דער ניטגוטער!
אַז כ׳גיי אין גאַס,
ניט זײַ אין כעס -
איך האָב צו דיר אַ טענה:
אינמיטן טאָג
ניט שלעפּ אַראָפּ
פון קאָפּ
דאָס היטל מײַנס.
די ביימער פּרעכטיקע
ניט בויג,
ניט ברעך אומזיסט די פלויטן -
איך וועל ניט קוקן אויף דיר לאַנג,
איך וועל דיר שטיל זײַן נויטן.

1938

## מײַן יוגנט-גרוס

ווי ערשטלינגען-בלומען צום זוניקן פרילינג זיך ציען,
אַזוי צי איך זיך איצט צו מײַן יוגנט.
ווי גאָלדענע זאַנגען זיך פרייען בעת הייבן אָן בליען,
אַזוי פריי איך זיך איצט מיט מײַן יוגנט.
ווי ס׳גריסן זיך לויטערע זאַנגען נאָך אַ וואַרעמען רעגן,
אַזוי גריס איך זיך איצט מיט מײַן יוגנט.
ווי לײַכט זײַנען גלאַנציקע כוואַליעס,
פונקט שפיגלען אויף זאַמדיקע ברעגן,
אַזוי לײַכט איז אַצינד מײַן יוגנט.
אָ, פרילינג! איך זע ווי דו אײַלסט זיך באַשײַנען
אַ יעטווידער ווינקל,
ווי דו האָסט מיט שמחה געפּאַנגען אַ שטעטלדיק יינגל.

באָברויסק, 1934

## אוראַל

דאָ בין איך באמת געזונט און שטאַרק
און האָב דאָ ניט אויף קיינעם קײַן פּאַרדראָס.
כ׳וועל אַרויפקריכן אויפן סאַמע העכסטן באַרג
און מיט די נעגל מײַנע וועל איך אָפּשאַרן דעם פראָסט.
און מיר וועט קאַלט אין ביידע הענט ניט זײַן,
פאַרקערט, איך וועל זיך פילן זייער גוט.
און, טאָמער, די פינגער מײַנע אין שניי פרירן אײַן,
וועל איך זיי רײַבן, אויב מע דאַרף, ביז בלוט.
און שפּעט צוזאַמען מיט דעם פראָסט איך בלײַב,
וו ער וועט, ביז ס׳וועט ווערן וואַרעם, שטיין.
כ׳וועל שניי אַ הויפן צולייגן צו מײַן לײַב
און ביז דעם שפּיץ פון באַרג איך וועל דערגיין.

סווערדלאָווסק, 1940

## צו דעם פידעלע

דו האָסט מיך געזוכט און דו האָסט מיך געפונען,
כ׳זאָל הערן ווי, פידעלע, - שפּילן דו קענסט.
דו ביסט אָן אַ ספק, דער זיבעטער וווּנדער,
דו ביסט, אָן אַ ספק, דער זיבעטער נס.

ווער מילדער פון דיר געווען איז און צאַרטער,
צו וועמען דיין שטילער געזאַנג איז געווענדט,
וווּ איז דער פידלער - דער מענטש דער באַגאַבטער?
זאָלן אים דינען די גאָלדענע הענט.

זאָלן אים דינען די זילבערנע סטרונעס...
די קלאַנגען די צויבערע דיינע, איך שווער,
האָבן אַן אָרט אין מיין האַרצן געפונען -
זיי גיסן זיך ווי פון אַ קוואַל אויף דער ערד.

## אין א ישוב

ס׳גייט א רעגן אָנהייב זומער,
נידעריק א וואָלקן קלעטערט.
ס׳האָבן זיך אין וווּקס גענומען
שוין די אָפּגעבליטע סעדער.

אויף די פעלדער אויף די רייכע
האָרעפּאַשנע מענטשן טוען.
שפּעטער וועלן אלע שפּייכלערס
אָנגעלאָדן זיין מיט תבואה.

יונגעביימער דאָ, אין ישוב,
שטייען רויִק, ניט פּארמאַטערט.
אין וויטרינע אָן אפּישע
רופט דעם עולם אין טעאַטער.

דאָ מיט אפּשיי מע באגעגנט
געסט א סך פון קאנטן ווייטע.
ערב יום-טוב גייט א רעגן:
ס׳וועט געראָטן זיין - באַטייט עס.

## דעמבן

דעמבן זײַנען אומעטום באוווּסט,
מערסטנטייל מע זעט זיי אין ווײַסרוסלאַנד.
לאנג איך האָב געשפּירט נאָך זייער ווּקס,
איינמאָל טרויעריק און איינמאָל לוסטיק.

כ׳האָב געזען ווי זיי עס איז באקוועם
מיט דער ערד זיך סודן אלע ווײַלע...
זוכט ניט חסרונות ביי א דעמב,
זאָגט אים פרײַ א דאנק פאר זײַנע מעלות.

קוקט זיך אײַן ווי אים די זון באשײַנט,
ווי א מענטש גייט צו אים מיט כבוד.
אויף דער עלטער זאָל אים רויִק זײַן
אויף דער רויער ערד פון מײַנע אבות.

## אַז ס׳איז שטיל

אַז ס׳איז שטיל אויף דער וועלט,
איז דער הימל באַגילדעט און בלוי.
ווי אַ פרישער געדאַנק
איז דאָס טראָפּנדל טוי.

וואַש זיך איין מיט דעם טוי -
און מער זאָל ניט זיין קיין געוויין.
אַז ס׳איז שטיל אויף דער וועלט,
זיינען קרענעצעס דורכזיכטיק-ריין.

טאָג און נאַכט ניט געשטערט
טרינקט מיט חיות די זאַפט פון דער ערד
יעדער זאַנג אינעם פעלד -
אַז ס׳איז שטיל אויף דער וועלט.

## אין שפּיטאָל

און ס׳דוכט זיך אים: ער וויל א טרונק
און בעט א לעפל וואסער קאלטע,
און ער דערזעט, אז דער כירורג
שטייט לעבן זײַן בעטל מיט א סקאלפּעל.

אונטער דעם בעטל טראָגט מיט קעלט,
א נעפל הענגט אינמיטן צימער.
פּאוואָליע ווערט אין קאָפּ פארוועלקט,
וואָס אים האָט יאָרנלאנג געקימערט.

ער ציילט ביז צוועלף, ניט מער, און גרינג
שווין ווידער פליט א ווײַסע פעדער...
עס פאָרט א פור, ווער ווייסט וווּהין,
און ס׳דרייען לאנגזאם זיך די רעדער.

און ס׳דוכט זיך אים: ער וויל א טרוּנק
ער בעט א לעפל וואסער קאלטע,
און לעם זײַן בעטל דער כירורג,
פארשווינדט אין חלל מיט זיין סקאלפּעל.

* * *

א דיכטער האָט געשריבן, אז א פרײַנט
איז גרינג פארלירן, אָבער שווער געפינען -
דערבײַ האָט ער געווּיס געהאט אין זינען:
א פעלער דארף מען קענען מוחל זײַן.

נאָר מוחל זײַן מע טאָר ניט קיין פאראט,
אין דעם האָט קיינער קיינמאָל ניט געצווייפלט.
דאָס האָט קיין זין אפילוּ אונטערשטרײַכן,
אויב ס׳גייט א רייד וועגן דער היים בפרט.

## מאיאקאָווסקי גייט

אָט גייט ער אויפן וועג,
אָט גייט ער...
און ס׳וווערט די ברייטע גאס
נאָך ברייטער.

היי, דורכגייער,
גרויס און קליין,
שטעלט זיך אָפּ און זעט:
ס׳גייט א פּאָעט.

אָט קומט ער אויף זײַן פּלאַץ
און שטעלט אוועק זיך אויפן פּיעדעסטאל.
און ווידער, ווי אמאָל,
דאָס קול זײַנס שאלט.

און טאָג און נאכט,
און טאָג און נאכט
ער ווערט ניט מיד -
דער ערשטער קאָסמאָנאווט
פון אונדזער ליד.

## ביי אונדז

כ׳האָב אָנגעטרונגען זיך מיט פרישן טוי,
און ווי א קינד, פון בוים צו בוים איך וואנדער.
ביי לײַטן, טענה׳ט מען, איז ניט אזוי.
כ׳בין מסכים, אז בא אונדז איז טאקע אנדערש.

איך בעט דיך, חבר, גיי מיט מיר צופוס
אין טיפן וואלד, ווען ס׳הייבט ערשט אָן צו טאָגן.
דער סאָלאָוויי וועט שיקן אונדז א גרוס:
- ביי אונדז איז טאקע אנדערש, - וועסטו זאָגן.

## דער אַלטער ראָמאַנס

אַן עלטערע פרוי זינגט אַ רוסישן ראָמאַנס
באַגייסטערט, מיט שטאָלץ און מיט בלומען אַ בינטל אין האַנט.
איך גלויב: גלייך ווי ווילטאָג, די אַלטע געדענקט אויף געוויס
דעם גרויסן טעאַטער אין הויפּשטאָט און איר בענעפיס.
דערנאָך - דאָס געזונט אויף דער עלטער, און שונאים..און פריינט...
נאָר ס׳קלינגט אין עפיר און ניט זעלטן דער זעלבער געזאַנג
אין הייזער געראַמע, אין שטילע ביי אייך און ביי אונדז,
ווו ס׳קאָעקזיסטירן פּרייווויליק בלויז ליבע און קונסט.

* * *

אַ האַרבסטיקער וועטער. ס׳איז כמאַרנע געוואָרן. אַ גליטשיקער וועג.
פיר סקריפּענדע רעדער און איך זיץ אין וואָגן שוין עטלעכע טעג.
די ערד ווערט פאַרגליווערט אין שנייעלעך ווייסע. דער הימל - ווי בליי,
דער פורמאַן ניט הילכיק דערציילט מיר אַ מעשה און דרעמלט דערביי.
און ס׳ציען זיך ווערסטן, ווי סטעזשקעלעך לאַנגע, פון דערפל צו דאָרף
אין זינען - געדאַנקען, געדאַנקען, געדאַנקען. צי זיין וועט אַ סוף?
אין זינען - חברים באַקאַנטע, באַוווסטע פון אַלטן פאַרבאַנד.
פאַרגעסענע נעמען, צעשיידונגען קורצע און אַלץ נאָכאַנאַנד.
ניט נאָענט די שטוב און דער דאָרטיקער עולם, דער סאָד און די גאַס -
ניט ווילנדיק קומט, ווי אַ חלום אַ ווילער, דער אַלטער ראָמאַנס.

1992

* * *

שטאַרק ניט לויף, אפּט באזוך
דיינע פריינט אין דער היים...
און די נאַכט גייט אַדורך,
און דער טאָג קומט צו גיין.
דו געפינסט, דו באַמערקסט,
נאָר ניט אַלץ, וואָס דו דאַרפסט.
און די צייט גייט אַוועק,
און ס׳איז נאָענט דער האַרבסט.
און עס טראָגט זיך אַ ווינט,
און עס וואַרעמט די זון.
ווער עס זוכט, דער געפינט
וואָס אים פעלט, וואָס אים קומט.

## ווען א קינסטלער

כבוד זײַן ליכטיקן אָנדענק.

ער האָט געהייסן מיכאַיל טיניאַנאָוו,
לויטן באַרוף, טאלאנט געווען אַ קינסטלער.
איך בין לעם זײַן מצבה הײַנט געשטאנען
ביז ס׳איז געוואָרן אויפן הימל פינצטער.

איך האָב אַוועקגעלייגט אַ בינטל בלומען
צו זײַן געלעגער, אויף אַ שטיין אַ הייסן.
צו מיר זײַנען דערגאַנגען קלאַנגען שטומע -
דאָס האָט אַ ווינט צווײַ ביימעלעך געטרייסלט.

דאָס האָט ביי מיר ניט גרינג געקלאַפּט אין האַרצן,
דאָס האָב איך לאַנג געקוקט אויף זײַן מצבה.
איז ער געווען אַ נגיד צי אַ קבצן?
אַ חכם? אַ בעל-צדקה? אַ בעל-טובה?

ער האָט געוווסט וואָס גוט איז און וואָס טויג ניט,
ניט ליב געהאַט טאָגטעגלעך זיך באַרימען.
מ׳פלעגט וועגן אים דערציילן זעלטן, ווייניק,
נאָר דאָס האָט אים, ווי ס׳רעדט זיך, ניט געקימערט.

נאָך אים כסדר האָט געשפּירט, געשלעפּט זיך
ניט אָן רחמנות דער מלאך-המוות.
ניט גרינג דעם אַלטן קינסטלער האָט געלעבט זיך
אויף דער פּילגעליטענער ערד פון זײַנע אבות.

א, וויפל אַלטע, נײַע ווונדן האָב איך,
וויפל וועלן צוקומען אין פאָריבער...

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

איז ער געווען אַ קבצן צי א נגיד?
איז ער געווען, ווי מע דערציילט, אַ גבור?

## אָנהייב מערץ

שוין פרי ווערט טאָג, שוין הייבט אָן ווערן גרין,
שוין נישט אַזוי ווי פריער בלאָזט דער ווינט.
שוין פון דער קעלט אַ ביסל ווערט מען פטור,
פּאַוואָליע טריקענען זיך אויס די בלאָטעס.
די זון, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען ערשט,
האָט שוין די גאַנצע אומגעגנט באַהערשט.
זי דורך די נידעריקע וואָלקנס פּרוווט פּאַרגיין.
דער גאָרטן האָט זיך שוין באַפרייט פון שניי.
אַ יונגער פויגל אָפּרוען זיך שטעלט -
אים אַרט ניט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט.
אַזאַ איז ער, ווי תמיד, דער אָנהייב מאַרט -
די ערשטע פעסטע טריט דער פרילינג מאַכט.

## דאס צוואנציקסטע יאָרהונדערט

און זאָל דאָס בילד גרויסארטיק זיך באקומען,
ווי נאָך א מזל-ברכה׳דיקן רעגן זומער,
ווען אויף די ברייטע פעלדער הויכע זאנגען
דעם הימל פאר א פרישן טראָפּן וואסער דאנקען.
זאָל אלעמאָל אונדז מיט הצלחה דינען
די אומגעצוימטע שטרעבונג פון געפינען
געזעצן נײַע און אין זיי אנטפלעקן
פון מי די פרוכט און פון דעם הארץ די רעגונג
און יענע נאָך ניט דורכגעלייגטע וועגן,
וואָס זײַנען שטענדיק אין געראנגל, אין באוועגונג, -
אזא איז ער - דער גרויסער וווּנדער -
דאס צוואנציקסטע יאָרהונדערט.

## איך בלעטער אַ צייטונג

דער איז גרייט די פרייהייט באַשיצן,
ווער עס ווייסט איר ווערט און באַדייטונג.
איך שטיי פון דער פרי לעבן אַ טישל
און בלעטער, און בלעטער אַ צייטונג.

ס'וועט הימל און ערד זיך באַרוען,
אַ טייך וועט אַרויס פון די ברעגן.
איך זוך שוין ניט צווישן די שורות
ידיעות, וואָס פלעגן מיך רעגן.

כ'וועל צוואנציק מלוכות אַרומגיין
און ס'וועט ניט דעריאָגן מיך קיינער.
דער פרילינג וועט קומען אַ יונגער
מיט קנאָספּן אַ סך אויף די ביימער,

מיט זון און געפריר אויף די דעכער
מיט עפּל מיט רייפע אין תמוז,
מיט טוי אין אַ זילבערנעם בעכער,
וואָס איך האָב פאַרטאָג אָנגעזאַמלט.

איך וועל פאַר דער וועלט זיך באַווייזן,
ביז מ'וועט מיין פאַרדינסט אָנערקענען...
דער אמת ביי אונדז אין די הייזער
אַן אָרט, וואָס אים קומט, וועט פאַרנעמען.

ניט ריין, אָבער, איז דער געוויסן
ביי יענעם, וואָס בלייבט פון דער ווייטנס:
איך שטיי פון דער פרי לעבן אַ טישל
און בלעטער, און בלעטער אַ צייטונג.

## צײַטן

זומער פיל איך זיך געזונטער, בעסער -
ס׳ווירקט אויף מיר די הייסע זון אַלזײַטיק.
ערשטנס, ווערט דער טאָג שוין צווײמאָל גרעסער,
צווייטנס, איז די נאַכט - אַ קורצער פרײַטיק.

מיר איז, אָבער, אויך ניט פרעמד דער אָסיען,
און דעם ווינטער ווילט זיך מיר דערמאָנען,
און ווי אויף דעם בלויען הימל אָפטמאָל
אַ פאַרטראַכטע וואַנדערט די לבנה.

פון די שטערן אַלע, אָן אַ טעות,
קלײַב איך אויס די בעסטע און די שענסטע...
איך האָב ליב, ווען ס׳איז דער פרילינג נאָענט,
ווען ער קלאַפּט זיך שוין אין יידע פענצטער.

לויט דעם זייגער, פּינקטלעך, הייבט אָן טאָגן,
לויט דעם זייגער הייבט אָן ווערן פינצטער.
איך האָב ליב, ווען ס׳אָטעמט גרינג דער באָדן,
וואָס האָט לאַנג אונטער דעם שניי געווינטערט.

איך בין יענער מענטש, דער זעלבער יורש,
וואָס פאַרגעסן קאָן ניט זײַנע אבות...
כ׳וואָלט אין חלל פליען, ווײַט, אָן מורא
און דערפאַר פאַרדינען אָפּשײַ, כבוד.

אָבער ס׳איז מיין צײַט שוין לאַנג אַריבער -
זאָל זיך מיר ניט חלומען, ניט דוכטן...
איך וועל זיצן שפּעט און שרײַבן לידער,
צוליב יענע, וואָס האָבן ליב די דיכטונג.

## קונסט און דער בלויער עקראַן

ניין, איך וועל ניט אָפּגיין פֿון עקראַן
ביז צו דער ענדע פֿון דעם קאָנצערט,
ביז דער שוישפּילער וועט זאָגן: פּריינט,
זייט געזונט, אַ דאַנק, צום ווידערזען.

שפּעט, אַ ווייסער וואָלקנדל אַנטלויפֿט,
די לבנה הינטער אים פֿאַרגייט.
בלויז דער הויכער טאָפּאָל אויפֿן הויף
אָן באַוועגונג אַ פֿאַרטראַכטער שטייט.

איך באַמערק ניט ווי עס לויפֿט די צייט,
ווי דער הימל אייגנאַרטיק לויכט.
שוין דער זינגער דער באַרימטער שווייגט,
און דער אַלטער טעלעוויזאָר אויך.

דורך דער טיר, פֿאַרביי דער הויכער שוועל
קומט דער טאָג און גוט די ווענט באַשיינט.
טאָמער גייט אַ מענטש און אים איז שווער,
זאָגט אים, אַז ער זאָל אין שטוב אַריין.

זאָגט אים נאָך אַ מאָל, אַז עכטע קונסט
אַ געפֿאַלענעם, אַפֿילו, הויך הייבט אויף
איינעם היילט זי אויס אַ שווערע ווונד,
איינעם צו רחמנות האָבן רופֿט.

איינעם טיף אין האַרצן גייט אַריין,
איינעם ברענגט זי אָפּשיי, ליבע, רום.
ניין, איך וועל ניט אָפּגיין פֿון עקראַן
מאָרגן, איבערמאָרגן, אין אַ יאָר אַרום.

1971

## אין א ווײַטן ישוב

אין האנטבוך, וועלכן איך האָב לאנג געזוכט,
באגעגענען זיך אויך אזוינע ווערטער:
דאָס שטעטעלע לעבן דעם טײַכל דרוץ
געפינט זיך ווײַט פון געגנטלעכן צענטער.

דערנאָך דערציילט זיך דאָרט, ווי גיך עס וואקסט
דאָס שטעטעלע, און וועלכע איז זיין צוקונפט.
איך בין אין דעם ראיצענטער ניט קיין גאסט -
כ׳האָב פשוט ליב דאָס שטעטעלע באזוכן.

דאָ, ווער ס׳זאָל ניט באגעגענען מיך, בעט,
כ׳זאָל אומבאדינגט צו אים אין שטוב ארײַנגיין.
געוויס זײַנען פאראן פיל גרויסע שטעט,
נאָר אָט אָ-דאָ, לעם דרוץ, איך בין געפאנגען.

איך בין באצויבערט, ווען איך גיי און הער,
ווי ס׳אָטעמט גרינג די אומגעגנט מיט רויערד.
שוין פארטיק א געבײַדע לעבן סקווער,
א קינדערגאָרטן און א נײַע מויער.

פונווײַטן זעט זיך אזא פרעכטיק בילד:
די שול די נײַע מיט די הויכע פענצטער.
ווי נאָענט איז ער מיר אצינד און מילד,
דער מענטש, וואָס וווינט און ארבעט אין ראיצענטער.

## שניי און זון

ס׳איז גוט מיט א פעלץ זיך באזאָרגן,
ווען שניי אויפן פעלד איז ניט ווייניק.
אין יום טוב פון אָט דעם פרימאָרגן
די זון האָט זיך ווידער באטייליקט.
און מיר האָבן לאנגזאם געטראָטן,
געזאמלט, ווי קווייטעלעך בונטע,
דעם זילבער, וואָס זי האָט געשאָטן
אויף אונדזערע פלייצעס געזונטע.

* * *

שפּעט אין אָסיען ווערן ראַבינעס רויט.
ווער האָט ניט געזען דעם פּיַיערווערק
אין א סעדל לעבן סאַמע פּלויט,
אויף א בערגעלע ניט וויַיט פון וועג?

אָפּט פאַרבײַ א שטילער ווינט לויפט דורך
און מיט זיך א רעגן ברענגט פאַריינס.
נעם א בינטל ראַבינעס, פאַרזוך,
זיי זײַנען גאָרניט ביטער, ווי דו מיינסט.

## צום אַלוועלטלעכן שלום-יאָר

ס׳דרייט זיך די ערד
א געזונטע,
א הייליקע.
פריַיגעביק
שמייכלט די זון.
שטענדיק א רויִקע
אויסערגעוויינלעכע
ליַיכטן זי זאָל
אומעטום.
דאַן וועט די שטימונג
געוויס א דערהויבענע,
ווערן ביי אונדז
ניט אומזיסט.
כ׳וויל, ס׳זאָל דער הימל
א שיינער,
א זויבערער
בליַיבן אזא,
ווי ער איז.
זאָלן די שיפן
פון חלל
דעם אייביקן
ברענגען דער מענטשהײַיט
בלויז נוץ.
אָפּטער
זאָל קומען צו פליִען
א שמעטערלינג
און זיך באַזעצן
לעם אונדז.
שיין איז די ערד,
ס׳איז גרויסאַרטיק
און וווּנדערלעך
דאָס, וואָס מיר האָבן
אנטדעקט...
זאָל אונדזער וועלט
אין דער אַלוועלט
א מונטערע
זיַין אָן מלחמות
אָן שרעק.

* * *

איך וואָלט וועלן אַ באַגינען
מיט די בינען זיך געפינען.
און דערנאָך מיט זיי צוזאַמען
אויף די פעלדער האָניק זאַמלען.
פון דעם ערשטן צוויט כ׳וואָלט ברענגען
פאַר דעם בינשטאָק האָניק ריינעם.
כ׳וואָלט געהאַוועט, כ׳וואָלט געפלויגן,
ווי אַ בין און ווי אַ פויגל.
כ׳שווער זיך, אַז מיר וואָלט נישט אַרן
אין אַ בינשטאָק זיך פאַרשפאַרן.

## די בעריאָזע

אנטקעגן צימער מײַנעם, ניט זייער ווײַט,
וואקסט א ביימעלע שוין וויפל צײַט.
עס האָט זיך אײַנגעוואָרצלט און וועט יאָרן שטיין.
ניט זייער הויך איז עס , ניט זייער קליין.
ניט זייער גראָב איז עס, ניט זייער דין -
ווײַס, ווי ערשטער שניי, און, ווי דער פרילינג, גרין.
טרעפט זיך : ניט אויף לאַנג איך גיי אוועק,
איז דאָס ביימעלע מיט מיר אין וועג.
ס׳איז מיט מיר אין גאס און אין דער היים -
ווער האָט דעם ביימעלע אזא מאגניט געשענקט?
ווי זון באטאָג, ווי ביי דער נאכט די שטערן,
איז די בעריאָזקע שטענדיק מײַן לאמטערן.

## היט אָפּ די נאטור

טאָמער א פויגל דארף הילף,
לאָז אים פון אויג ניט ארויס,
גיי צו אים צו מיט געפיל,
נעם אים ארײַן אין דײַן הויז.

זאָג ניט, אז דיר איז אלציינס -
ביימער אָן אונטערשייד שעץ.
טאָמער א פערד איז אין שווייס,
גיי צו אים צו ווי א מענטש.

גיב אים פון עמער א טרונק,
פיר אים אוועק פון א ווינט.
אלץ, וואָס דיך רינגלט ארום,
יראת הכבוד פארדינט.

* * *

ווען ס׳לייגט זיך אײַן דער טיפער שטויב אין פעלד
און יעדער שטערן עפּעס וויל מיר זאָגן,
באמערק איך, ווי עס ווערט דער הימל העל,
ווי ס׳גיסן אָנעט זיך די גרינע גראָזן.
פון וואלד דערהערט זיך דער באקאנטער רויש.
און ווען אין דאָרף צעקרייען זיך די הענער,
ערשט דאן דער מאָרגנשטערן גייט ארויס -
ער אלע טויזנט וועלטן וויל באנעמען.
און ס׳דוכט זיך אויס מיר, אז דער שטערן זעט,
ווי ס׳פליסט דער טײַך, ווי פריש די ביימער זײַנען.
דעם צוויט א ווײַסער נעפּל האָט באדעקט.
דאָס הייסט: די זון א גאנצן טאָג וועט שײַנען.

# א חלום

איך גיב דעם בולאנעם א טרונק
און נעם זיך זײַן גריווע גלעטן...
וויאָ, פערדעלע, זײַ געזונט,
מענדעלע פֿאָרט אין שטעטל.

עס וויעט א ווארעמער ווינט,
אין סאָד די לבנה שמייכלט.
איך בעט זי, אויב זי איז געשטימט,
דעם ייִד ביז קאפּוליע באגלייטן.

זי פירט אים ארום אויפן וועג
און ווײַזט ווי אין שטעטל צו פאָלגן.
- ווי לאנג וועסטו וואנדערן, - כ'פרעג, -
זאָג, וואָס איז פאראן אין דײַן וואָגן?

דער זיידע די אויגן פארמאכט
און הייבט מיט מיר אָן צו פארברענגען:
- אין שטעטל קאפּוליע א סך
פארשיידענע ביכער כ'וועל ברענגען...

ער נעמט אין די הענט זײַנע ווערק
און לייענט א נײַ קאפּיטל.
- דו קוק זיך ארום און באמערק,
ווי ס'האָט זיך די געגנט געביטן...

איך קוק זיך ארום און איך זע,
ווי ריין ס'איז דער הימל דער בלויער.
נאָר דאָ אומגעריכט אויף דער ערד
באווײַזן זיך מענער און פרויען.

זיי האָבן פארהאלטן דאָס פערד,
און באלד צו דעם זיידן געקומען.
און ס'האָט זיך פון ווײַטן געהערט
אין ייִדיש א שמועס מיט אומעט.

נאָר באַלד די לבֿנה פֿאַרגייט,
און נאָענט באַוויַיזט זיך דאָס שטעטל.

\- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

אַ ווינט האָט פּאַוואָליע געלייגט
אַ בלעטעלע אויף אַ בלעטל.

## אַ מיידעלע האָט יאַגעדעס געקליבן

צום וואַלד אַ סטעזשקע ציט זיך ניט קיין לאַנגע,
זי איז פֿון כוטאָר און פֿון דאָרף ניט ווייט...
און ווידער איז דאָס מיידעלע געגאַנגען
אין וואַלד, ווּ רויטע יאַגעדעס מע קלײַבט.

און ווידער פֿול געוואָרן איז די כּלי
מיט יאַגעדעס פֿאַר אַלע אירע פֿרײַנט,
און טאָמער אויף אַ שעה פֿאַרשפּעטיקט - מילא,
די מאַמע וועט אויף איר אין כּעס ניט זײַן.

כ׳פֿלעג אויך אין וואַלד ניט זעלטן זיך פֿאַרהאַלטן
און זײַן דאָרט, ביז עס פֿלעגט פֿאַרגיין די זון.
עס קרייען הענער. לעם די פֿלויטן אַלטע
האָט גוט זיך אײַנגעאָרדנט אונדזער הונט.

דאָרט איז געווען זײַן אָרט, ווּ ער פֿלעגט מעגן
אַרומגיין, ווי אַ שומר, טאָג און נאַכט...
ער האָט דער ערשטער, ווי אַ פֿרײַנט, באַגעגנט
דאָס מיידעלע, וואָס האָט אין וואַלד פֿאַרבראַכט.

## מײַן טאָפּאָל

אזא ווי מײַן טאָפּאָל באגעגענען קאָן מען
אין וואלד און אין פעלד און ביים שכן אין סעדל.
איך האָב אים פארזעצט דאָ נאָך פאר דער מלחמה,
ווען איך בין געקומען צו פאָרן אין שטעטל.

ניט ווײַט איז געשטאנען א דעמבענער ברונעם,
פון לאָזע געפלאָכטן א נידעריק פלויטל.
דער טאָפּאָל האָט גיך זיך אין וווּקס אָנגענומען,
גענומען אין לענג און אין ברייט זיך צעשפּרייטן.

מיט אים איז געווען מײַן יוגנט פארבונדן -
פון צווײַגל צו צווײַגל האָט זי געפירט מיך.
דער ברונעם, איך ווייס ניט פארוואָס, איז פארשוווּנדן,
דער טאָפּאָל - ביז איצטער פון אָרט ניט גערירט זיך...

## דער דעמב

געלע בלעטער פון א דעמב
קלעפּן זיך צו מײַנע הענט,
און פון מיר א קאלטער ווינט
נעמט זיי צו, ווער ווייסט וווּהין.
ערשט דערנאָך, ווען רויִק ווערט,
לייגן זיי זיך אויף דער ערד.
ניט געאײַלטערהײַט א שניי
נעמט אראָפּ דעם שטויב פון זיי.
אָבער ער, דער אלטער בוים,
שטייט און וועגן פרילינג טרוימט.
וויפל מאָל האָט ער פארשטעלט
פון א שלאקס-רעגן דאָס פעלד:
טיפע וואָרצלען אין דער ערד
האָבן אים געשטיצט, דערנערט
און געשיקט אין זײַן רשות
אלץ, וואָס אים האָט זיך געגלוסט.
מיר איז אויך ניט ווײַט, ניט פרעמד
יעדעס בלעטל פון דעם דעמב.

## דער גוטער פרימאָרגן

די זון, וואָס וועט זיך ערשט באַווײַזן,
דעם באָדן טריקנט...
א ווײַסער נעפּל, ווי א לײַוונט,
האָט זיך צעוויקלט.
ער זעצט זיך אָפּ אויף גראָזן פּײַכטע
און ווערט פארשווּנדן -
דאָס האָט די זון, פּונקט ווי א לײַכטער,
זיך אָנגעצונדן.

פון איר זיך ציִען בונטע פּאסן
אין יעדן שפּעלטל.
א גרינינק בלעטל אויף מײַן אקסל
געפינט אַן ערטל.
אויף אים ניט ווייניק ווײַסע רויפן
באמערקן קאָן מען.
כ׳האָב אָנגעזאמלט טוי א הויפן
און וואש דאָס פּנים.

מיט פרייד כ׳צי אויס די הענט די ריינע,
די קאלטע פינגער -
דאָ, אויף דעם זעלבן אָרט, מײַן זיידע
דעם טוי פלעגט טרינקען.

דערפאר מיר ווילט זיך אָפּן זאָגן
אצינד, ניט וואַרטן:
דער זומערדיקער פרימאָרגן
איז מיר צום הארצן.

## איך האָב ליב

איך האָב ליב צו אויפשטיין פרי, ווען ארום
דעמבן גרויסע פון שטילקײַט ווערן מיד,
און זען, ווי עס גייט ארויס די זון -
איך האָב ליב.

איך האָב ליב, ווען ס׳איז אין פעלד געראָטן
און אין סאָד איז ארויס דער פולער צוויט.
יעדן אינדערפרי אין טוי זיך באָדן -
איך האָב ליב.

איך האָב ליב די גאנצע וועלט באטראכטן
און אין איר פרימאָרגן זײַן פארליבט.
ווען א ליד קומט אויף ביי מיר אין הארצן -
איך האָב ליב.

## א רעגן

ווען ביידע וואָלקנס האָבן זיך צעמישט,
האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן.
אפריִער האָט א רעגנדל געשפריצט,
דערנאָך א רעגן האָט גענומען גיסן.

און ווען ס׳האָט אָנגעטרונקען זיך דער וואלד
און ס׳איז געוואָרן פריש די גאנצע געגנט, -
האָב איך געזען, ווי אויף די בלעטער לאנג
עס זײַנען נאָך די טראָפּנדלעך געלעגן.

און ווידער האָט די זון דעם בלויען הימל-זײַד
אין הויכן אָנגעצויגן,
און ס׳האָבן ביי די מענטשן זיך צעשײַנט
די גוטע אויגן.

## מײַן קאַנט

דו האָסט באַשײַנט מיך און װעסט נאָך באַשײַנען.
ס׳האָט קײנער מיך אַהערצו ניט פֿאַרנאַרט.
די ראַבינעס און די בעריאָזעס דײַנע
כ׳האָב ליב ביז װײטעק, אופּריכטיק און צאַרט.

מיך פֿרײט, װען פֿרי דער װינטער גײט אַריבער,
װען פֿרי דער פֿרילינג גוטע רעגנס ברענגט.
איך װעל זיך ניט אַנטװײנען פֿון מײַן ליבע -
זי איז אין בלוט בײַ מיר, אין מײַן געבײן.

## באַרעמהאַרציקײַט

א פאַרדאָרבענע בעריאָזקע לעבן װעג
מיך לאָזט ניט רוען, אָן אַן אױפֿהער רעגט.
לעם איר א שמעטערלינג מיט װוּנדן אויף די פליגל
אָן הילף, אָן װאַסער איז געבליבן ליגן.
כ׳בין אױסער זיך, װען אָפּט אַן אײפּל קרענקט,
אַן אַלטע פרוי לעם פענצטער זיצט און װײנט,
װען א מלחמה-װעטעראַן לאַנג אויף א בריװל װאַרט, -
פֿאַר אַלעמען פֿאַר זײ טוט װײ דאָס האַרץ.

* * *

מיט פרישן ברױט דער אָסיען הײבט זיך אָן,
ער קומט צו גײן װי א באַגאַבטער קינסטלער.
עס װערן געל די בלעטער בײַ דעם קליאָן,
א קילער נעפּל שפּרײט זיך אינדערפֿינצטער.

דערװײַל איז נאָך ניט קאַלט, עס איז ניט גרינג
מיט אָט די טעג די הײסע זיך צעשײדן.
עס איז נאָך צײַט געבליבן, ביז דער װינט
װעט נעמען מיט דער װעלט אויף ״דו״ צו רײדן.

## דער אלטער קליאָן

ער האָט שיינע צווייגן פאַרמאָגט,
ביז שפּעט אין אָסיען געווען גרין.
נישט-אומזיסט אַלע סטעזשקעס אין סאָד
פלעגן ציען זיך נאָר צו אים.

ער אַליין האָט געוווּסט, וויפל מאָל
כ׳האָב געפרייט זיך מיט אים, זיך באַרימט.
ביז אַצינד כ׳געדענק זיין קול -
אין די אויערן מיינע עס קלינגט.

נישט קיין בייזער ווינט, נישט קיין שניי
האָט געווירקט אויף זיין מעכטיקן שטאַם.
ביז אַצינד מיר דוכט זיך - איך שטיי
און זע, ווי ער אָטעמט גראַם.

כ׳האָב צוזאַמען מיט אים געטרוימט
און צו אים ווי אַ קלעק זיך געקלעפּט.
- ווו איז ער, מיין טייערער בוים,
זיינע צווייגן ווער האָט צעשלעפּט?

## וואָס דארף איך

איך דארף מען זאָל אינערגעץ ניט שיסן,
די וועלט זאָל פון צרות ניט וויסן,
מיט פריינט זיך ניט דארפן צעשיידן,
מיט מענטשן מיט ווילע זיין איידל,
מיט פרישע געדאנקען זיך טראָגן -
וואָס דארף איך, מ׳שטיינס געזאָגט, האָבן?

געזונט און א שטילן באגינען,
א נאָמען א גוטן פארדינען,
אָן טובות, פאר מענטשן ניט בלייבן,
די הארציקע לידער- דערשרייבן.
נאָר כ׳דארף, אויב געקומען צום וואָרט איז,
א ביסעלע מזל, מער גאָרנישט.

## האַרבסט

ס'וויגט זיך אין פעלד א גרין־מעכטיקער קליאָן.
אים דוכט זיך: ער איז דאָ דער שענסטער.
און נעבן מײַן שטוב לויפט א פריילעכער האָן -
וויל טאַנצן גלײַך אין די פענצטער.

אָט פליט ער ארײַן, וויל ווידער ניט שטיין,
אַרום טישן און בענק נעמט זיך דרייען,
און נאָך דעם, אַזוי ווי ביי זיך אינדערהיים,
האָט ער זיך הילכיק צעקרייעט.

דאָ טראָגט אָן אַ ווינטל די ערשטלינגען קעלט
און טוליעט זיך צו צו די פלויטן.
אָט פירן בולאַנע פון זאַפטיקן פעלד
די לעצטע פאַרבליבענע ברויטן.

און אַלץ איז אין גאָלד: די ראָסע, דער וועג,
די פעלדער, די גרינינקע גראָזן...
אָט האָט א בהמה פארוואָרפן דעם עק
און זיך צו דער לאָנקע געלאָזן.

געקומען צו לאָנקע, זיך צוויי מאָל באלעקט
און זיך צו דעם עסן גענומען,
און, פונקט ווי א מילשטיין, האָט זי באַוועגט
אָן אופהער איר ראָזעווען גומען.

1936

## סוף זומער

פּולער אינעם טײַך עס ווערט די וועל,
נידעריק האָט זיך צעשפּרייט דער נעפּל.
שפּעטער וועלן קאַלטע ווינטן שנעל
רײַסן פון די עפּלביימער עפּל.

סיבלייבן ווייניק זומערדיקע טעג,
ביימער וועלן ווידעראַמאָל בליִען.
ווײַסע בושלען קלײַבן זיך אין וועג -
זאָלן זיי מיט מזל-ברכה פליִען.

## דער נאַכטיגאַלס געזאַנג

דער טוי, ווי זיסע פּירות,
ביי מיר אין מויל צעגייט.
אַ נאַכטיגאַל אָן מורא
הויך אויף אַ טאָפּאָל שטייט.

כ'וויל וויסן אירע סודות,
כ'וויל הערן איר געזאַנג.
אַ ווינט דעם טאָפּאָל הוידעט
די זון זײַן שפּיץ באַשײַנט.

מיר וואָלט זיך וועלן גלויבן
אַזוי ווי זיך אַליין,
אַז אויפן בוים דער פויגל
וועט לאַנג אַזוי אָ שטיין.

און פון אַ וועג, פון שטיבער,
אין וואַלד אין טיפן, לאַנג
וועט הערן זיך אַריבער
דער נאַכטיגאַלס געזאַנג.

* * *

מער ווי א מעת-לעת האָט ניט גערעגנט,
און דערנאָך האָט זיך צעשײַנט די פרייד.
כ׳האָב דעם ווינטער אומדערוואַרט באַגעגנט,
און דעם הארבסט ווער ווייסט וווהין באגלייט.

איך האָב ניט באמערקט, ווי ס׳איז געוואָרן
אויפן הארצן פריילעך, רויִק, לינד.
פונקט אזוי געווען איז פאראיאָרן
און ווען איך בין נאָך געווען א קינד.

* * *

א האַרבסטיקער ווינט האָט געשטיפט -
פון איין פלויט געלאָפן צום צווייטן.
דערנאָך האָט ער, קענטיק, באשטימט
באגינען מיט אונדז זיך צעשיידן.

ער האָט זיך צעהוליעט אין פעלד
און תכף געוואָרן אנטשוויגן.
נאָר איך האָב, ווי פריִער, געהערט
דעם ווינטס אומפארגעסלעכן ניגן.

* * *

כ׳האָב זיך מיט דיר פערזענלעך ניט געקענט,
צוזאמען אין אָקאָפּעס ניט געפרווירן...
ווי פיל האָסטו געוווּנען צי פארלוירן,
זינט ווידער לעבסטו צווישן דײַנע ווענט.

לייג צו צו זיי דײַן כוח אומעטום
מיט לײַב-און-לעבן, ווו נאָר דו וועסט קאָנען.
צו גוטן וועלן מענטשן דיך דערמאָנען
אצינדער און אין הונדערט יאָר ארום.

## ווען שרײַב איך לידער

אויב דער הימל איז פֿאַרוואָלקנט,
אויב אָן וואָלקנס איז דער הימל,
אויב עס איז אַ גוטע שטימונג -
שרײַב איך לידער.

אויב באַזונדער אויף דער סטרעכע,
אָדער, צײַטנווײַז, פֿיל העכער
רוט אַ פֿויגל -
שרײַב איך לידער.

טאָמער שפּעט נאָך אַ צעשיידונג
ווילט זיך מיר ניט הילכיק רעדן,
דאָרט, ווו ס'איז אַצינד מײַן וווינונג -
שרײַב איך לידער.

* * *

די גאָלדענע קייט, ווי די גאָלדענע זון,
אונדז, עלטערע מענטשן, פֿאַראייניקט, באַשיצט...
מיר גייען צופֿוס, מיר פֿאָרן אַרום,
מיר בלייבן ראָמאַנטיקער יונגע ביז איצט.
מיר ווערן אָפּהענטיק, ווען ס'זאָגט אָפּ דאָס האַרץ,
פֿאַרגעסן - ווי דער פֿאַראַיאָריקער שניי.
מיר קלאָגן זיך זעלטן, מיר וויינען ניט שטאַרק
אויך דעמאָלט, ווען אונדז אומדערטרעגלעך טוט ווי.

לאָס אַנדזשעלעס 1995

## ווער בין איך

ס׳וועט דער געפרירטוי ליגן אויפן דאַך,
ביז פעסט וועט זיך באַשטימען דער פרימאָרגן.
כ׳בין עלנט ווי די בלום, ניט אייך געדאַכט,
וואָס האָט זיך לעבן פאַרקן איינגעאָרדנט.
כ׳בין דער, וואָס וויל די זון זאָל ניט פאַרגיין,
און ס׳זאָל אַ רעגן דורכגיין ערב שבועות.
כ׳בין דער, וואָס ווינטער וואַלגערט זיך אין שניי
און זומער - מיט קאַלטע שטערן שמועסט.

## קינדהײַט

די קינדהײַט מײַנע חלומ׳ט זיך מיר אָפט -
אַ לעגענדאַרע, ווײַטע, ניט קיין זאַטע.
איך זע זי בולט, ניין, ניט נאָר אין שלאָף,
ניט נאָר אַ באָרוועסע, אין לעכער און אין לאַטעס.
און יעדעס מאָל, ווען שנעל צו מיר זי קומט
און גלײַך פאַרשווינדט און לאָזט מיך שוין ניט רוען, -
פאַר מײַנע אויגן שטייט דער טרײַער הונט,
די קו די ברוינע און דער אַלטער ברונעם.

* * *

אין שטאל, לעבן אָפענעם טויער,
אויף צוויי ניט שטאנדהאפטיקע שטאנגען
א האָן האָט זיך הילכיק צעקרייעט
און, פונקט ווי א קינד, זיך פארגאַנגען.
ער שלײַדערט פאנאנדער די שטיינדלעך,
וואָס ליגן ניט ווײַט, אויף א טישל.
דאָס פאָדערט ער מע זאָל אים ברענגען
וואסער און גרויפּן א ביסל.

## און איך וועל אַוועקגיין

אין ישוב ניט זוכט מיך -
אין שטאָט כ'בין ניט איינער.
מײַן אומקום ניט פּרוּווט זיך
באַקלאָגן, באַוויינען.

טאָגטעגלעך, קאַלטבלוטיק
ניט וואַרט אויף רדיפֿות...
אַ מענטש זוכט וווּ גוט איז,
אַ פֿיש - וווּ ס'איז טיפֿער.

כ'וועל ערלעך, ניט כלומערשט
אַראָפּגיין פֿון לייטער
אָן בייזע חלומות,
אָן הילף, אָן באַגלייטער.

די ערד וועט זיך דרייען,
ס'וועט אַלץ זיך באַוועגן.
מ'וועט אַקערן, זייען,
ס'וועט גיסן אַ רעגן.

ס'וועט רו דאָ באַשטימען,
דער פֿיבער זאָל פֿעלן.
די זון פֿון מײַן צימער
אַוועק וועט ניט וועלן.

זי וועט אײַך דערצײַלן
ווי איך האָב געליטן,
ווי מיך פֿלעג זי היילן,
פֿון האַרצווייטיק היטן.

כ'וועל ליבן דעם זומער,
כ'וועל זוכן, געפֿינען.
ביז פּלוצעם וועט קומען
מײַן לעצטער באַגינען.

פּרײַנט נאָענטע, װײַטע
מיך װעלן באַגלייטן
אָן לידער פֿאַרשפּײַטע,
שטילשװײַגנדיק, אײדל.

א װינט װעט צעשלאָגן
לעם װעג-ראַנד די שטאַנגען.
כ'װעל מער זיך ניט טראָגן
מיט פֿרישע געדאַנקען.

מ'װעט בױען כּסדר,
מ'װעט שטאַרבן, מ'װעט לעבן,
מ'װעט היטן דעם אוצר,
װאָס גאָט האָט געגעבן.

מ'װעט שאַפֿן, מ'װעט ברענגען,
מ'װעט אַרבעטן ערנסט...
און איך װעל אװעקגײן,
און איך װעל ניט װערן.

## ערשטע טעג

פּלייטים, פּלייטים, פּלייטים - פאָרן, גייען...
קיינער ווייסט ניט, ווו זיך אָפּצושטעלן.
זיי אנטקעגן - ראָטעס רויטארמייער
נאָענט אין א ישוב ווערן נעלם.

דאָרט האָט זיך דער שונא דורכגעריסן,
ס׳ווערט פון צײַט צו צײַט די לאגע ערגער.
טאָג און נאכט מע הערט ניט אויף צו שיסן,
און מע האלט זיך שטארק פאר יעדער בערגל.

טרויעריקע טעג פון דער מלחמה...
וויפל צרות איז מען אויסגעשטאנען!
שיטן זיך אויף אונדזער היימלאנד באָמבעס,
רודערן מיט כעס עראָפּלאנען.

ס׳איז דאָס לאנד געקומען אין באוועגונג,
ס׳וועט דאָס פאָלק די ברוינע פעסט פארניכטן.
פּלייטים, פּלייטים, פּלייטים אויף די וועגן
אײַלן זיך אָן אָפּרו אין איין ריכטונג.

## דער זון און דער טאַטע

דער דאָקטער האָט באַשטעטיקט, אז די וווּנד
איז ניט קיין גרינגע ביי דעם רויטאַרמייער.
אַז אים, דעם יונגן בחור, שפּעטער, פריער
וועט אויסקומען זיך געזעגענען מיט אונדז.
מיר האָבן אין אַ בריוועלע געקוקט -
זײַן מאַמע האָט פון ליובערצי געשריבן:
דו ביסט ביי מיר דער איינציקער געבליבן -
דער טאַטע איז געפאַלן לעבן קורסק.

## אין דער צייט פון געפאר

שווייג, פארוואקסענער וואלד,
כ׳וועל דיך צווינגען מיט געוואלד
דו זאלסט שטיל ווערן באלד.

זאגט, וואס טויג מיר דער ווינט
מיט זיין אוראלטער שטים -
כ׳בין געזונטער פון אים.

און דער דעמב וואס קען טאן
אין דער צייט פון געפאר? -
ער איז אויך ניט קיין גבר.

אבער איך קעגן פיינט
מיט די קרעפטיקע הענט
קאן צעשליידערן ווענט.

* * *

אויף א ניט דינעם צווײַגל פון א דעמב
האָט שטיל א ווײַסער בושעל זיך געשאָקלט,
ער האָט זיך אויסגעטיילט פון אנדערע מיט דעם,
וואָס אים האָבן די קוילן ניט געשראָקן.

איוואן פוכאָוויטש - איינער א סערזשאנט -
האָט די דערשײַנונג פינקטלעך ניט פארשטאנמען:
- פארוואָס, - האָט ער געפרעגט, - אין פרעמדן קאנט
איז ער, דער בושעל, אויך מיט אונדז צוזאמען?

## מיט ביקס אין האנט

מיט ביקס אין האנט,
מיט גרויסער שנאה קעגן פיינט
איך גיי
ביזן האַלדז אין שניי
דורך וועלדער איינגעבויגענע און אלטע,
דורך פעלדער קאלטע...
און יעדער טראָט,
וואָס איך מאך דורך
פאָרויס,
ברענט אויס
די לעצטע נעסטן פונעם ווילדן שונא,
איך ציטער ניט,
אז ס׳קאָן א קויל מיך טרעפן -
איך גיי אין פייער,
ווייל ס׳איז די היים מיר טייער, -
די גאנצע ערד פון ים ביז ים,
פאר איר איך גיי אין בלוטיקע געשלעגן
מיט לײַב און לעבן.

## פרימאָרגן

כ׳וועל אונטער דעם ״קישן״ די ביקס ניט פארוקן.
פון קעלט וועט אין ווײַסן זיך אָנטאָן דאָס אײַזן.
איך ליג אין טראנשיי. אויף די שטערן כ׳וועל קוקן,
אויב זיי אויפן הימל זיך וועלן באווײַזן.

עס וועט די לבנה איר אויסזען ניט בײַטן,
זי ווייסט דעם מארשרוט, און נאָך אים וועט זי פאָלגן.
אלץ ווײַטער, אלץ ווײַטער, אלץ ווײַטער, אלץ ווײַטער
די נאכט גייט אוועק, און עס קומט דער פרימאָרגן.

## באלאדע וועגן א געטא-ייד

דארט די ערד האָט געברענט -
איך געדענק עס ביז היינט:
לעם דער שטאט קעניגסבערג
הונדערט טריט פונעם פיינט,
פון אליידיקן בונקער -
ווי א קעלער די גרויס,
איז א ייד, ניט קיין יונגער,
שטיל, אן מורא, ארויס.

לעם דעם בונקער, ווי שמאטעס,
האט דער אלטער פארברענט
צוויי געלע לאטעס
זיין צעריסענע העמד.
און דערנאך, שוין א הוילער,
זיך צעוויינט, זיך צעלאכט...
דא ניט ווייט האט דער קוילער
נאך באוואפנט געוואכט.

* * *

איך האָב אליין געזען, ווי מעסערשמידטן
האָבן זיך נאָך קינדערלעך געיאָגט.
דער גרויל וועט אין מײַן מוח זיך פארהיטן.
און ביז אצינד דאָס הארץ אין מיר עס קלאָגט.

איך האָב אליין געזען, ווי שארפע שפּליטערס
געשאָטן האָבן זיך אויף אונדזער ערד.
אָן צווייפל זײַנען מיר געגאן, אָן ציטער,
כאָטש יעדער שפּאן געווען איז שרעקלעך שווער.

מיט יעדן אָדערל פון לײַב מיר פלעגט זיך גלויבן:
זײַן שטראָף באקומען וועט דער פײַנט.
און מיר האָבן געשלאָגן זיך ווי לייבן,
דער מײַ פון פערציק פינפטן יאָר זאָל זײַן.

## ביים פאַרסירן דעם טייך

מיר שווימען אין דער פינצטער צו דעם ברעג,
ווו ס'האָט דעם פּיַינט פאַרפעסטיקן זיך איַינגעגעבן.
דאָרט וועלן פאָרקומען די בלוטיקע געשלעגן
פאַר יעדן הויז, פאַר יעדן ברעקל ערד.

איך פיל ניט ווי עס איז דער אָנגריף גרויס,
כ'בין ביזן האלדז אריַין אין שטילן וואסער.
און דאָראָכאָוו ליגט אויפן פליט א בלאסער,
ער שטאַרבט - די כוחות גייען ביי אים אויס.

די וווּנד אים איבערבינדן האָט שוין ניט קיין זין.
עך, סטארשינא, ער טוט א לעצטן ציטער.
געטראָפן האָט אין אים א נײַער שפּליטער
אויך איך האָב שוין פארגעסן, וווהין איך שווים.

איך זע נאָר ווי געשווינד פאָרויס מיך טראָגט.
איך טראַכט שוין ניט, וואָס פאַרקומען וועט שפּעטער.
עס שווימען אויף אין הימל די ראַקעטעס,
און ליכטיק ווערט פונקט ווי אינמיטן טאָג.

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

ביז היַינט איך קאָן דעם מענטשן ניט געפינען,
וואָס האָט געהאָלפן מיר צו אונדזערע דערשווימען.

* * *

דער דײַטש האָט זיך שטארק פארטיידיקט, נאָר האלטן זיך ניט געקענט.
פון פינף אזייגער פארטאָג איז דער ישוב אין אונדזערע הענט.
אָקאָפּעס און שטעכיקע דראָטן, פונדאַנען ניט וויַיט
א לאנגע טראַנשיי, ווי א מעסער, דעם ישוב צעשניַידט.
דער טיַיך איז מיט פלאַמען פאַרצויגן, אין רויכן דערשטיקט,
אין טיף פון די כוואליעס עס טרינקט זיך די הילצערנע בריק.
און, ווי א גענייטער סאָלדאַט, נאָך אַן אַנטשיידענער שלאַכט
א דעמב ניט קיין יונגער, א הויכער, ווידער שטייט אויף דער וואַך.
ער זעט, ווי אַלץ וויַיטער אויף מעריב דער פּיַינט לויפט אוועק.
ווי דאָרט, אויף דער צווייטער זיַיט טיַיך, פאַרבינדט זיך א נײַער געשלעג.

## באָם שײַיטער

אָט ערשט איז דער פּײַנט אַ צעדולטער אַנטלאָפֿן.
ער האָט ניט פֿון אונדז קיין בּאַרוטע מינוט.
מיר זיצן בּיים שײַיטער און עסן קאַרטאָפֿל -
און זודיקע קוילן זײַ באַקן זיך גוט.
כ׳בין אויך אינעם דאָזיקן מאַכל פֿאַרטראָגן,
ס׳איז פֿינצטער דער הימל און שוואַרץ איז די נאַכט.

דאָ וועלן מיר שטיין, בּיז ס׳וועט אָנהייבן טאָגן -
און ווידער אין וועג, און ווידער אין שלאַכט.
אַ האַלבע לבנה באַווײַזט זיך און ווערט ניט,
אַ שטערן אינמיטנדערינען פֿאַרשווינדט,
און צווישן די שיטערע ביימער איז קענטיק,

ווי ס׳דרייט זיך אַ פֿרישער, אַ וואַרעמער ווינט.
דער היימישער ווינט האָט מיך פּשוט פֿאַרכּשופֿט
און צו די פֿאַרוווּנדעטע ביימער פֿאַרשלעפּט.
ווי גוט וואָלט געווען אַצינד, ווען אַ ישוב
וואָלט פּלוצעם באַווײַזן זיך דאָ, אינעם פֿעלד.
אין אָט דער מינוט וואָלט איך לאַנג גאָרניט קלערן,
אין לאָדן פֿון שטיבל, וואָס האָט זיך פֿאַרהיט,
כ׳וואָלט אָנגעקלאַפּט שטיל און געזאָגט, מע זאָל הערן:
- עפֿנט די טיר מיר, כ׳בין מיד.

## אַננאַ פֿראַנק

איך שליס זיך אײַן און לייען ווידער, לאַנג,
בּיז ער, דער טאָגבוך דער באַוווּסטער, הערט אויף דערציילן.
ס׳וואַקסט אויס פֿאַר מײַנע אויגן אַננאַ פֿראַנק,
די גאַס, די שטאָט, וווּ ס׳האָט געלעבט דאָס מיידל.

איך פֿיל, ווי איר איז ענג, ווי איר איז שלעכט,
נאָר גלייבט, אַז מענטשן וועלן אויסלייזונג איר ברענגען.
אָ, מיידעלע, דו האָסט די פֿולע רעכט
די וועלט די גאַנצע זאָל דיך פֿאַרגעדענקען.

## א האלבע שעה פאר דער שלאכט

מיר שטייען אין א בונקער און מיר ווארטן,
און ס׳רירט זיך ניט פון אָרט דער אינדערפרי.
איך הער זיך איַין, ווי ס׳קלאַפּט דאָס הארץ מיר,
איך הער, ווי ס׳אָטעמט שווער דער קאָמאנדיר.
מיַין חבר שטילערהייט א ציַיטונג בלעטערט,
א צווייטער - שריַיבט א בריוועלע אהיים...
באלד וועלן א פלי טאָן צוויי ראקעטעס,
דאַן וועלן מיר פאַרויס זיך לאָזן גיין.
ס׳פארשווינדט דער אומרו, נאָר ס׳איז גרויס די שנאה,
זי וואקסט, זי לאָזט ניט איַינשטיין אויף קיין אָרט.
צוויי הונדערט טריט - פון בונקער ביז דעם שונא,
ווי טיַיער וועט אונדז קאָסטן יעדער טראָט!

* * *

כ׳קאָן אָנוויַיזן אפילו איצט דאָס אָרט -
איך וועל עס ניט פארבײַטן, ניט פארגעסן:
א ייִד א זקן מיט א וויַיסער באָרד
איז לעם א בוים,
ניט וויַיט פון אונדז, געזעסן.

דערנאָך האָט ער זיך אויף די פיס געשטעלט
און אָנגעטאָן א טלית אויף דער פלייצע.
איך האָב אים פון די ערשטע דאָרט באמערקט -
מיר האָט געדוכט זיך, אז ער איז מיַין זיידע.

איך האָב אים אָפּגעגעבן דעם ״ען-זע״*,
וואָס אין מיַין זעקל איז געווען באהאלטן,
נאָר ער האָט סיַיוויסיַי מיך ניט געזען -
ניט איך אין קאָפּ געלעגן בין ביים אלטן.

*בייס דער מלחמה פלעגן די סאָלדאטן טראָגן מיט זיך עפּעס פון עסנווארג. וואָס מע האָט געדארפט היטן פאר א נויט (״ניעפריקאָסנאָוועני זאפּאס״ - א רעזערוו, צו וועלכן מע רירט זיך ניט צו).

## מיין חבר

ארום איז געווען פֿייער און פֿלאַם,
נאָר ווײַט האָט געהילכט דעם חבר׳ס שטים,
ער איז געגאַנגען דער ערשטער, און דאַן
האָט קיינער ניט געוואָלט אָפּשטיין פֿון אים.

ער איז געפֿאַלן אויף דער זודיקער ערד,
ניט ווײַט פֿון א האַלב-פֿאַרברענטן דאָרף,
און די, וועמען לעבן געווען איז באַשערט,
האָבן פֿאַרויס זיך געגעבן א וואָרף.

דער פֿײַנט איז אוועק פֿונעם דאָזיקן אָרט,
סאָלדאַטן געלאָזט און פֿיל געווער,
דאָס איז געשען אין פֿערציק צווייטן יאָר,
ווען אונדז איז געווען נאָך זייער שווער.

## א רוסישע פֿרוי

א פֿרוי א רוסישע, א קראַנקע, שטאַרק געהוסט,
פֿאַר מיר איז מילך אוועק אַנטלײַען -
סוכאַרעס איז מיר שווער געווען צו קײַען.
פֿונוואַנען איז דאָס איר געווען באַוווּסט?

כ׳געדענק איר זייער אויסדריקלעכן פּנים
און דעם שפּיטאָל אין ניט קיין גרויסן הויז.
- סינאָק... - האָט זי געזאָגט, ווען כ׳בין ארויס,
און צוגעטראָגן מיר א לעפּל האָניק.

**דער בריוטרעגער**

די ידיעה פון בוגורוסלאַן
איז מיר אָנגעקומען אָנהויב זומער.
אונדזער בריווטרעגער מאַקאָוו איוואַן
האָט מײַן בענקשאַפט זיך צום האַרץ גענומען.

אים איז אויך געווען ניט גרינג -
אויף דער שטעלע פון פינצטער ביז פינצטער.
כ׳האָב געוווסט: אין א ישוב לעם פינסק
איז געבליבן זײַן פרוי מיט די קינדער.

וויפל צענדליק פאַרשיידענע בריוו
זײַנען שטענדיק געווען אין זײַן זעקל!
איינמאָל קומט ער און זאָגט צו מיר: שפּרינג,
כ׳האָב באַקומען פאַר דיר צוויי דרײַיעקן.

תכף לייענען כ׳האָב זיי געמוזט
און פון פרייד ניט געקענט זיך באַרוען...
בלויז דערנאָך איז געוואָרן באַוווסט
ווער דער אַווטאָר איז פון די שורות.

ער האָט הויך מיט זײַן אַרבעט שטאָלצירט
און ווי נויטיק זי איז גוט פאַרשטאַנען.
לעם דער שטאָט קעניגסבערג האָבן מיר
זיך אויף שטענדיק צעשיידט מיט איוואַנען.

דאָרט, לעם אונדזער טראַנשיי, אומגעריכט
איז איוואַן געוואָרן פאַרוווּנדעט.
מער האָט קיינער אין ראָטע ווי איך
אַרום אים ניט געטאַנצט, ניט געזונגען.

## שטילשטאנד

מע וויל ניט אליין זײַן
אין טשאד פון מאכאָרקע.
אין יעטווידער איינהײַט -
אן אייגענער טיאָרקין.

זיי יאווען זיך ווילִיק
מיט שפּיצלעך א פולע.
און דאָ איז וואסילי,
דאָרט - יאשע פון טולע.

צו יענע געגליכן,
אויך אנדערע קומען.
זיי דארפן ניט קריכן
נאָך ווערטלעך אין בוזעם.

אין פרידלעכערווירטשאפט
א וואָך כ׳בין באשעפטיקט.
פון שלאכטן א שטילשטאנד
ניט אָפּט אָבער טרעפט זיך.

## אויפן בלויען עקראַן

פאר ביידן פאר אונדז, מײַן געפונענער חבר, דאָס איז ניט קיין נײַס...
שוין דרײַ פערטל שעה אויפן בלויען עקראַן מע באווײַזט
דאָס שטח׳ל ערד, וווּ געפלאקערט עס האָט דאן דער קריג,
וווּ מיר האָבן מיט כוח דעם ביטערן שונא באזיגט.
און אָט איז דער קבר, וווּ ס׳ליגן אין אייביקן שלאָף
די חברה די יונגע, וואָס האָבן פארטיידיקט דאָס דאָרף.
לעם דערפל כסדר א טײַכל א רויִקס פליסט,
לכבוד די קעמפּער איז אויפגעשטעלט אן אָבעליסק.
איך ווייס, אז דו האָסט ניט פארגעסן דעם טאָג און די שעה.

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

שוין לאנג אויף דעם בלויען עקראַן ווערט געוויזן קינאָ.

## אין מוזיי

כ'האָב אויף א בילד דערקענט דעם אלטן כוטאָר,
וואָס איז ארומגערינגלט מיט טראנשייען.
דאָרט, לעבן זײַן מאשין, דער מארשאל זשוקאָוו
פרײַינטלעך שמועסט מיט די רויטארמייער.
מיט בלײַ עס איז דער טאָפּאָל דורכגעלעכערט,
די זון איז שוין צום כוטאָר צוגעשווומען.
אין שטאב האָט זיך א קינסטלער ניט גערעכנט,
פונוואנען האָט ער זיך ביי אונדז גענומען?

## אין חלום

- פײַער! פײַער!.. -
שרײַט אין טרײַבל דער קאָמבאט
און פארייכערט נאָכאמאָל מאכאָרקע.
כ'פיר ארום מיט בלײַערס
דעם קוואדראט
אויף מײַן נײַער
פינפקילאָמעטראָווקע.
אין דער זעלבער רגע
איך באטראכט,
ווו ס'איז גרינגער א פלאצדארם צו נעמען.
צושפּארן דעם דײַטש מע דארף צום טײַך,
ער זאָל אָפּטרעטן פון דאָרט
ניט קענען.

ווידער קלינגט,
און ווידער דער קאָמבאט.
כ'גיי צום טעלעפאָן
און נעם דאָס טרײַבל:
- פינף אזייגער אינדערפרי הייב אָן,
קיינער אין טראנשייע זאָל ניט בלײַבן!
ניט פארגעס זיך, - גיט ער צו, - גענוי
מיט דער צווייטער ראָטע זיך פארבינדן...
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
"שרײַ ניט אין דער פינצטער, - זאָגט מײַן פרוי, -
זאָלן רויִק שלאָפן דײַנע קינדער".

## פיר ברידער זײַנען מיר געווען

אין דער מלחמה איז אין ווײַסרוסלאַנד אומגעקומען יעדער פערטער.

מײַן גוטע מאמע, די שטילע מירל,
געהאט האָט פיל נחת פון די זין פון אירע.
פיר בחורים שלאַנקע,
געזונטע און שיינע -
ביי וועמען אין שטעטל געפינט מען אזוינע?
פון אונדזער פירלינג מײַן ברודער דעם יִינגסטן
האָבן דערמאָרדעט גזלנים - פאשיסטן.
די מערדער די זעלבע, די זעלבע סאָלדאטן
האָבן דערהרגעט מײַן מאמען, מײַן טאטן.
פון אונדזער פירלינג - מײַן ברודער דער צווייטער
אין אָפענער שלאכט אין געפאַלן א טויטער
שוין דאַן, ווען מיר האָבן דעם שונא געטריבן -
אזוי האָט מען מיר פון זײַן ראָטע געשריבן.
ניטאָ איז דער דריטער פון אונדזער פירלינג -
איך ווייס ניט ביז איצט וווּ זײַן קבר געפינט זיך.
איך ווייס נאָר:
ער האָט קעגן פײַנט זיך געשלאָגן
אזוי ווי א גיבור.

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

מיר זײַנען געווען פיר ברידער,
בין איך געבליבן איינער.

## בעסער וואָלטן זײַ אינײַנעם

צוויי-דרײַ ווערטער כ׳מוז פארשרײַבן:
אויב כ׳וואָלט אויפן שלאכטפעלד בלײַבן
פון א קויל צי פון א שפּליטער -
אויסגעגאנגען כ׳וואָלט אָן ציטער.

כ׳האָב פאָרויס געוווּסט, אז קיינער
וועט מײַן אומקום ניט באוויינען.
וועגן מיר די פּאָכאָראָנקע
וואָלט געבליבן ביי דעם ראָטנע.

מיך געמײַידט האָט די סכנה,
כ׳בין געקומען פון מלחמה.
נאָר די רו, וואָס איז אנטשטאנען,
וועט ניט אופהייבן מײַן מאמען

און מײַן טאטן, מײַנע ברידער
פון די ריוון, פון די גריבער.
בעסער וואָלטן זײַ אינײַנעם
מיך, דעם איינציקן, באוויינען.

## פארוואָס וועטעראנען וויינען

דער הימל אין מײַ איז א ריינער -
א וואָלקנדל שווער צו געפינען.
פארוואָס וועטעראנען וויינען,
ווען ס׳קומט די מלחמה אין זינען?

פיר יאָר האָט דער קריג זיך געצויגן,
פיר יאָר האָט די ערד געשרפּעט.
אָט שטייען פאר מײַנע אויגן
חברים, וואָס זײַנען דערהרגעט.

און ס׳דוכט זיך מיר: אלע ווי איינער
אין ליכטיקן הימל שטײַגן...
פארוואָס וועטעראנען וויינען?
פארוואָס וועטעראנען שווײַגן?

## באלאדע וועגן א ברענענדיקן טאנק

דעם אָנדענק פון די העלדן סאמאָכוואלאָוו פיאָדאָר ניקאָליַיעוויטש
און גאָרעליק סאָלאָמאָן אראָנאָוויטש.

ווען ס'איז נאָך געגאן די מלחמה,
א צײַטונג האָט דעמלט געשריבן:
ביים דערפל סטרעליעצקאָיע, נאָענט,
איין טאנק, און פאשיסטישע - זיבן.

פון רויך איז די ערד א שווארצע,
די שיסעריַי ווערט ניט קלענער,
זיבן פאשיסטישע פאנצערס
לעבן סטרעליעצקאָיע ברענען.

גאָר פלוצעם א מינע דעם שונא'ס
שטעלט אָפּ אונדזער טע-פיר און דרײַסיק,
און שנעל, ווי א כמארע א ברוינע,
א האָרדע פאשיסטן באווײַזט זיך.

זיי רינגלען ארום די העלדן,
וואָס זיצן אין טאנק פארשפארטע.
- רוס, גיט זיך אונטער, - זיי מעלדן, -
בלויז פופצן מינוט אויף באטראכטן!

און גיך איז אן ענטפער געקומען:
קיין רעטונג זיי ווילן ניט בעטן.
- מיר גיבן זיך קיינעם ניט אונטער,
זאָל לעבן דאָס לאנד פון סאָוועטן!

זיי האָבן געזונגען אלץ שטארקער,
געהילכט האָט דער ארבעטער-הימן.
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
דער טע-פיר און דרײַסיק פלאקערט,
דאָרט זײַנען די העלדן געבליבן...

## שמעון לעלטשוקס אָנדענק

"איך זוך
פאר מײַן ליד
דאָס געהעריקע וואָרט.
כ'וועל דאָס וואָרט
געפינען" -
אזוי וואָלט מיר שמעון ליעלטשוק געזאָגט,
מײַן חבר און דיכטער - שמעון.

"די וועלט
אומפארגעסלעכע ערטער פארמאָגט,
איך וועל
פּאָלעסיע בארימען" -
אזוי וואָלט מיר שמעון ליעלטשוק געזאָגט,
מײַן חבר און דיכטער - שמעון.

"אָן מורא
דעם טויט אין די אויגן
געקוקט,
דעם ביטערן פײַנט
כ'האָב געטריבן" -
אזוי וואָלט מיר זאָגן שמעון ליעלטשוק,
ווען ער וואָלט לעבן געבליבן.

## דער גלויביקער סאָלדאט

ער פלעג צעווײַנען זיך און נידעריק זיך בוקן,
ווי עס האָט גאָט געבאָטן, ביז דער ערד,
ווען אים דער טויט פלעג אין די אויגן קוקן.
ווען אפן הארצן איז געוואָרן שווער.

און ווען עס פלעג די לאגע ווערן בעסער, -
אין דער טראַנשײ באהאלטנדיק זיך טיף,
ער פלעג אין גאָט אלמעכטיקן פארגעסן,
פונקט ס'האָט ניט עקזיסטירט אזא באגריף.

* * *

באגינען האָט גענומען גיין א רעגן -
ס'איז אָנגעריִפן געוואָרן זייער שווער.
מיט די געפאלענע איז אויך א לייטענאנט געלעגן,
לעם אים - אן אלטער פידל אויף דער ערד, -

יאָ, יאָ, געלעגן אויף דער פײַכטער ערד
אין א פוטליאר א געלבלעכן פארשלאָסן...
דער פידל - ווי דער פידלער, דורכגעשאָסן,
און שווייַגט, פונקט ווי דער פידלער, פונקט ווי ער.

און ווייסט איר וואָס: אין לייטענאנטס פלאנשעט
די נאָטן פון צוויי לידער שאָסטאקאָוויטשס,
און אויסער יענע נאָטן, גלייבט, מער גאָרנישט -
זיי האָבן אים געהאָלפן נעמען שטעט.

## די לבנה

זי זוכט מײַנע טריט. זי איז זיכער,
אז איך בין געזונט און באוואָפנט.
איך בין אויף איר מלא רציחה -
זי לאָזט מיר ניט לייגן זיך שלאָפן.

בפרוש, א קאלטע, א בלייכע -
איך וויל אין אָקאָפּ זי פארטרײַבן.
איך נעם א ציגאר און פארייכער,
און ענדיק מײַן בריוועלע שרײַבן.

איך מאך א דרײַיעק פון דעם בלעטל
און שרײַב אָן דעם אדרעס דעם אלטן.
ס'שטייט פאָר א געשלעג פארן שטעטל,
ווו ס'האָט זיך דער שונא פארהאלטן.

## ווינטער

איך שטיי אויף מײַן פּאָסט
פונדערפרי
מיט א חבר בשכנות.
א פראָסט
און א שניי ביז די קני -
ניט ווײַט איז דער שונא.
איך זע ווי דער ווינט
אין זײַן זײַט
בייגט די שטעכיקע דראָטן.
דאָ היט מען די טריט
און די צײַט,
דאָ האָט נאָך קיין מענטש ניט געטראָטן.
די טריט איך דערקען,
די געפאר,
יעדן אָפּקלאנג - פונווײַטן...
כ׳האלט מײַן ביקס אין די הענט
ווי מע דארף,
ביז מע וועט מיך פארבײַטן.
כ׳טרעט ניט אָפּ פונעם אָרט,
ווו א קנויל
הוילע טאָפּאָלן שטייען.
- ווער גייט עס דאָרט?
סטאָי! איך באפויל.
- רויטארמייער!

## מײַן קאָמאַנדיר

א קלוגער איז געווען מײַן קאָמאַנדיר.
מיר זײַנעןביידע לאַנג געווען באפרײַינדעט.
ער פלעג צו מיר אין בונקער אָפט ארײַנגיין
און ליב געהאט א שמועס טאָן מיט מיר.

ער האָט געוווּסט: כאָטש ס'איז דער זיג ניט ווײַט,
עס וועט נאָך אויסקומען פארגיסן בלוט ניט ווייניק,
נאָר אלע, אלע האָבן זיך פארייניקט
ביי אונדז אין לאַנד קעגן דעם ווילדן פײַנט.

מײַן קאָמאַנדיר האָט גוט די שלאַכט געפירט
און איז אין אן אטאַקע אומגעקומען,
ווען קעניגסבערג מיר האָבן אײַנגענומען.
א קלוגער איז געווען מײַן קאָמאַנדיר.

* * *

מיר גייען שוין די צווייטע נאַכט
און ציילן, וויפל ווערסט איז נאָך געבליבן.
א שטויב האָט פארדעקט דעם שליאַך,
מײַן שינעל, מײַנע שטיוול.
ווידער א דאָרף און א וואַלד.
און דאָס פעלד האָט א וועג צעשפּאָלטן,
אויף פופצן מינוט א פריוואַל
האָט דער מאַיאָר געמאָלדן.
ער נעמט אויף די קני דעם פלאַנשעט
און א ציגאַר ער פארויכערט.
אויף מעריב, אין לעצטן געשלעג,
מײַן באטאַליאָן גייט אויכעט.

## רחלע

אלע פענצטער צעבראָכענע
אויפן קאַלטן ברוק,
די שוואַרצחנוודיקע רחלע
אַ טויטע ליגט.

נאָר אַן אכזר אַזוי
קאָן טאָן מיט א קינד,
און זיין אַזוי בייז,
און זיין אַזוי ווילד.

און פונקט ווי אַ ווינט
רייסן די טיר...
ס'איז רחלע איצט
אין האַרצן ביי מיר.

אירע אייגעלעך שיינע
אינמיטן דער נאַכט
האָט ער, מיין שונא,
מיט גוואַלד פאַרמאַכט.

איך דאַרף נישט, איך קאָן נישט
דאָ איינשטיין מער.
נישט באַהאַלט זיך, קליאָנען,
נישט פאַרגיסט קיין טרער.

אויב אייך טוט וויי,
איז דאָך מיר אויף געוויס -
זאָל סקריפען דער שניי
אונטער מיינע פיס.

אַז ס'האָט נישט קיין רו
אונדזער מאַמעניו - ערד.
חבר,הער זיך צו,
זי אָטעמט שווער.

זי איז מיין טרייסט,
מיין אומרו, מיין גליק.
זי ווייסט, זי ווייסט,
ווו דאָס מיידעלע ליגט.

יענץ שטח'ל ערד
ווערט פאַרוואָקסן מיט גראָז.
יעדער פרילינג דאָרט
אַ בוים זיך צעלאָזט.

זאָלן די צווייגן,
וואָס דער בוים פאַרמאָגט,
שווייגן, שווייגן
ביינאַכט און בייטאָג.

כ'וועל בענקען און מאָנען,
ווייל טיף איז אַריין
דעם מיידעלעס נאָמען
אין האַרצן אין מיינס.

כ'זאָל קיינמאָל נישט קאָנען
פאַרגעסן דאָס אָרט,
ווו רחלע ליגט,
ווו רחלע שלאָפט.

## בלומען אויפן ברודער-קבר

אויף אַן אָרט א הויכן,
צווישן קליאָנען ברייטע,
האָבן מיר אוועקגעלייגט די טויטע.
דאָרט געבראַכט צו קבורה אין א ברודער-קבר
אכט סאָלדאטן פון דער ערשטער ראָטע,
צווישן זיי מײַין לאנדסמאן פרידמאן מאָטע.
מיר זײַינען געווען פון איין עלטער.
איצט בין איך פון אים שוין צוויי מאָל עלטער.
פרילינג-צײַט, ווען אויף די פעלדער גרינע,
הייבן אָנעט די ראָמאשקעס בליִען,
קומט א סאלאוויי אהין צו פליִען
און באזעצט זיך אויף די זעלבע קליאָנען,
און דערנאָך
א קײַילעכדיקן זומער
ליגן אויפן קבר פרישע בלומען:
כריזאנטעמעס,
רויזן צארטע
ליכטיקע טיולפּאנען -
אלע בלומען זײַינען דאָרט פאראנען.
יעדן באַגינען, ווי לויטן זייגער,
איז דער סאָלאָוויי שוין אויפן קבר,
דאָרטן, ווו די צארטע רויזן ליגן, -
ער פארציט זײַין וואונדערלעכן ניגן!

## אויף קבר-אבות

און ס׳שטייט לעבן קבר אַ פּשוטער יידישער דיכטער
דאָרט, ווו ס׳איז זיין שטעטל פאַרגראָבן געוואָרן, פאַרניכטעט,
ער שטייט אויף דעם שטח׳ל ערד, ווו עס זיינען די וווּנדן נאָך קענטיק,
ווו זעלטן אַ פויגל, אָן מורא, דאָס לעבן פאַרענדיקט.
און ס׳זעען די אויגן דעם דיכטערס גענוג דורך דעם האַרבסטיקן נעפּל
ווי טיף אין דער ערד איז פאַרגראָבן געוואָרן זיין שטעטל,
ווי ס׳בייגט זיך אַ טאָפּאָל און ווייט פון די טויטע באַהאַלט זיך,
ווען אָפּטמאָל, באַנאַכט, פון אַ מבול, דער הימל צעשפּאַלט זיך.

## דאָס אומגעקומענע שטעטעלע

יום כיפור 1941 האָבן די היטלער-רוצחים אומגעבראַכט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון מײַן שטעטעלע ליובאַניטשי.

ווי־פל אויסגעליַידט,
ווי־פל אויסגעבענקט,
ווי־פל אויסגעטרוימט,
ווי־פל אויסגעוויינט!
מײַן מאַמעס הייסע טרער
ביז אַצינד מיך בריט.
ביז אַצינד איך הער
מײַן טאַטנס לעצטע טריט.
דאס טרײַבט מען אים צום גרוב,
צום ריוו צום טיפן ער גייט...
אין זײַן חרוב-געמאַכטער שטוב
אַ ווינט א פאַרבלאָנדזשעטער וויינט.
מיין מאַמע איז לעבן אים,
מײַן ברודערל איז לעבן זיי.
איך הער דער מאַמעס שטים:
„גזלנים, לאָזט זיי אָפּ אַהיים...
צי זעט ניט די הייליקע וועלט
ווי מיר איז בִיטער אַצינד?"
דער באַוואָפנטער שונא קוועלט,
ער איז בייז,
ער איז ווילד.
ניט קײַן דונער פון הימל פאַלט
אויף דעם אויסגעווײלטן אָרט -
דאָס טראָגט זיך אַרום אַ געוואַלד,
ס'הויבט זיך אָן דער מאָרד.
מײַן טאַטע פאַלט אין ריוו,
מײַן מאַמע פאַלט אין ריוו,
מיין ברודערל פאַלט אין ריוו,
דאָס שטעטעלע פאַלט אין ריוו -
דער הימל פינצטער ווערט
און ס'טרייסלט זיך די ערד,
איך ווייס ניט וויפל צײַט -
מיר דוכט זיך, אַז ביז הײַנט.

## אויף דעם אָרט פון צעשיסונג

אויף נסים ניט וואַרט,
ווען לעם ריוו דו שטייסט -
דאָרט דער הימל איז שוואַרץ,
די זון אין בלוט פאַרגייט.
דאָרט דער אומעט באַהערשט
דעם אַרום-און-אַרום -
מיט דײַן טאַטן דו רעדסט,
צו דײַן מאַמען דו קומסט.
און ווען ביטער דיר ווערט,
און ווען אָפּהענטיק בלײַבסט,
סײַוויסײַ דו דערהערסט
ווי אַן אייפּעלע שרײַט.
דיר איז גרויליק און קאַלט,
דו ווערסט מיד, דו ווערסט שטום,
פון אַ פלאַכע דו פאַלסט
אין דעם פינצטערן גרוב -
אַזוי דוכט זיך דיר דאָרט.

- - - - - - - - - - - - - - - - - -

און אין דאָרף, און אין שטאָט
איז ניט פינצטער, ניט שוואַרץ:
מע לעבט און מע שטאַרבט,
מע שטאַרבט און מע לעבט,
מע ליבט און מע האַסט,
מע וויינט און מע שפּאַסט.
אָבער דיר איז ניט גוט,
אָבער דיר איז ניט גרינג...

1996

# איין שטרעבונג איז ביי אונדז

מיין זון אברהמעלע געווידמעט

איך וועל מיט דיר זיך קיינמאָל ניט פּאַנאַנדערגיין -
איין שטרעבונג איז ביי אונדז און איין באַרוף.
ניט מיין אַז מיר זײַנען אַ ביסל אַנדערע -
דעם אונטערשייד פון מיר מיט דיר ניט זוך.

כ׳בין אויף דעם גרויסן קריג אַוועק אַ יונגער נאָך,
געאַרבעט, ווו ס׳איז אַלץ געווען פאַרברענט.
דיר איז ניט אויסגעקומען, ווי דײַן טאַטן, הונגערן -
דער ריח פון מאַכאָרקע איז דיר פרעמד.

דו ווייסט ניט, וואָס הייסט וואַך בלײַבן אַ גאַנצע נאַכט
און בוטלען ברענשטאָף וואַרפן אויף אַ טאַנק.
אַלץ איז געווען, מיין פרײַנט, ניט דיר געדאַכט,
נאָר מיר האָבן געלעבט מיט איין געדאַנק:

ארויסטרײַבן פון לאַנד דעם פײַנט דעם ביטערן,
אַז דיר זאָל ווויל זײַן אויף דער גאָרער וועלט.
מיר פלעגן אין אַטאַקעס גיין ניט ציטערן,
כאָטש יעדעס מאָל ניט איינער האָט געפעלט.

ס׳איז אונדזער חוב געווען פון פײַנט פאַרטיידיקן
דיך און דײַן שטוב, דײַן גאַס, דײַן אַלטע שטאָט.
אַצינד, אַז עס איז שטיל, דער העלדנמוט
אויך, ווו דו זאָלסט ניט זײַן, געפינט אַן אָרט.

זאָל נאָר די זון, וואָס איז געשטעלט באשײַנען אונדז,
ניט ווערן פון אַן אַטאָם-שוואם פאַרוועלקט.
ס׳איז אונדזער חוב אין שטרייטן אין אנטשיידענע
אַראָפּנעמען דעם כאַלעף פון דער ערד.

איך וועל מיט דיר זיך קיינמאָל ניט פּאַנאַנדערגיין -
איין שטרעבונג איז ביי אונדז און איין באַרוף.
ניט מיין, אַז מיר זײַנען אַ ביסל אַנדערע -
דעם אונטערשייד פון מיר מיט דיר ניט זוך.

## ס׳קלינגט א גלאָק אין כאַטין

ס׳קלינגט א גלאָק אין כאטין,
קלינגט באנאכט,
קלינגט באטאָג,
ווי א קלאָג.
איך בלײַב שטיין דאָ
פארשטיינט -
פון דער הויך
און פון רעכטס
און פון לינקס
ווידער קלינגט...
ווידער קלינגט...
ווידער שווינדלט אין קאָפּ,
עס ווערט קאלט,

מ׳קאָן פון זינען אראָפּ...
און ארום-און-ארום
איז גרין,
און ארום-און-ארום
איז שטרענג.
וויפל מאָל אין כאטין
האָט דער הימל געוויינט,
האָט דער הימל געוויינט
פון דער אָפענער ווונד,
וועלכע ברענט,
וועלכע בריט,
וועלכע ווערט ניט פארהיילט,
וואָס די צײַט ניט פארציט.

ס׳קלינגט א גלאָק אין כאטין,
ס׳קלינגט א מעשענער גלאָק.
לאנג א האבסטיקער ווינט
נאָך א וואָלקן זיך יאָגט,
ווידער קען איך ניט שטיין -
אויפן הארצן ווערט שווער.
איך
מײַן מאמעס געוויין
אין דעם קלינגען דערהער.
בלויע אייגעלעך צוויי,
פול מיט טרערן, מיט שרעק
ביי א קינד ביי א קליינס

אלציינס כ׳האָב אנטדעקט,
אלציינס כ׳האָב אנטדעקט
אין דעם שלאָגן פון גלאָק.
כ׳וואָלט דאָס אייפל דערלאנגט
פון דעם צוואנציקסטן שטאָק,
פון אונטער דער ערד,
פון אײַזן-פארשלאָסענעם רינג.
ווידער קלינגט...
ווידער קלינגט...
מײַנע שוועסטער און ברידער
כ׳געפין
אין כאטין.

## משה פֿון שטעטעלע הלוסק

.1

וועגן משהן פֿון שטעטעלע הלוסק,
אַזוי הייבט זיך אָן די דערציילונג:
ער באַרימט איז געווען און באַוווסט
אין פֿיל פּאַרטיזאַנישע טיילן.

אין איין אינדערפֿרי מיט זיין ביקס
האָט ער זיך אין שטעטל באַוויזן.
אַ ווינט האָט די ביימער געוויגט,
די האַרבסטיקע בלעטער געריסן.

דער יאַט האָט זיך אומגעקערט גיך.
מען האָט אים באַגעגנט מיט כּבֿוד,
ווייל אויסער זיין ביקס מיט זיך
האָט משה געבראַכט אויך אַן אָבערסט.

- אָ, גאָט! - האָט דער אָבערסט געוויינט -
אָ, העלף מיר דעם אוממענטש באַשטראָפֿן.
דער דייטש האָט פֿאַרשטיין נישט געקענט,
וואָס ס'האָט מיט אים זיך געטראָפֿן.

.2

מיט שניי האָט דער וואַלד זיך באַדעקט
און שטאַרק האָבן פֿרעסט זיך גענומען.
פֿון איינער אַ שלאַכט אונדזער העלד
איז לאַנג אין אָטריאַד נישט געקומען.

ס'האָט דער דייטש צו דעם אייזנבאַן-וועג
שטרענג דעם צוגאַנג באַהיט אין דער ריכטונג.
נאָר משה באַשטימט: אומבאַמערקט
דעם צוג, וואָס דאַרף דורכגיין, פֿאַרניכטן.

דער פֿיינט האָט דעם בחור דערזען,
נאָר נעמען אים גרינג נישט באַוויזן.
דער צוג מיט געווער האָט געברענט
און ס'האָבן זיך באָמבעס געריסן.

און ס׳האָבן שוין אַלע געוווסט,
ווי גוט האָט דער העלד זיך געשלאָגן.
ס׳האָט משה פון שטעטעלע הלוסק
די ביקס ביז בערלין דערטראָגן.

.3

שוין לאַנג יענע צייט איז פאַריבער,
שוין לאַנג וווּנטן טראָגן זיך שטילע.
אָפט קומט ער אין שול. מיט ליבע
באַגעגענען אים אַלע שילער.

און ווידער אין אַ גוטן אופן
וועט ער מיט די קינדער זיך טרעפן...

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

יאָ, צייטנווייז שלאָפט זיך נישט משהן -
די הענט די פאַרוווּנדעטע ברעכן.

ער שטעלט זיך ביים אָפענעם פענצטער
און זאָגט דעם באַגינען אַנטקעגן:
- פאַר מיר ביסטו שטענדיק די בעסטע,
מיין ליבע, מיין טייערע געגנט.

## ביזוואַנען איך לעב

די ערטער, ווו איך בין געווען,
אַצינדער איז שווער צו דערקענען.
וועליקיִע לוקי און רזשעוו,
און דאָרטן - פיל הייליקע נעמען.

ביזוואַנען איך אָטעם און לעב,
איך וועל מיַין זכרון געטרויען.

כ׳געדענק אין א ישוב ביים וועג
האָט אָפגעשטעלט מיך א פויער.

איך האָב ביי דעם אלטן באמערקט
א טרער אין די אויגן און ווייטיק,
וויַיל ווער ס׳זאָל ניט דורכגיין, האָט ער
געמיינט, אז א זון זיַינער גייט עס.

## שטיינער דערציילן

שטיינער פאַרשיידענע:
גרויסע און קליינע,
טעמפּע און שאַרפע,
ווײַסע און שוואַרצע,
ביליקע, טײַערע,
אונדזערע, אײַערע.
אויף איינעם פון זיי
איז אַן אויפשריפט געבליבן:
״אברהם ראַבינאָוויטש,
מײַן איינציקער, ליבער״.
און ווײַטער אויף שטיינער
קוים לייען איך איבער:
יצחק ראַבינאָוויטש.
און בער ראַבינאָוויטש,
און הירש ראַבינאָוויטש,
און שיפרה׳ס, און קיילעס,
און מלכה׳ס, און ביילעס,
און דבורה׳ס א צענדליק
און רבקה׳ס ניט ווייניק,
מנחמ׳ס און לייוויקס.

עס האָבן פאַרוואָרצלט זיך
עטלעכעביימער:
בעריאָזעס,
א דעמב
און צוויי סאָסנעס אינמיטן -
פון אלטן בית-עלמין
די איינציקע היטער.
דאָרט נעסטן זיך קראָען,
דאָרט האָבן זיך גימפּלען
באַשטעטיקט.
בלויז ווינטער,
ווען ס׳איז דער בית-עלמין
פאַרפרוירן,

א שנייוועג ווערט טעטיק.
ער פירט
אין די נאָענטסטע שטעטלעך,
וואָס הייסן:
אזאַריטשי,
פּאַריטשי,
קאָיטשיצי,
סוויסלאָטש.

אין אָסיען,
ווען ס׳ווערן מיט ווילדגראָז
די קברים
פאַרוואַקסן,
דאָרט פּאַשען זיך פערד,
און בהמות,
און אָקסן.
ס׳פאַרשווינדן מצבות,
און ס׳הייבט אָן ביז ווייטיק,
פאַרדריסן...
וווּ זײַנען די מענטשן?
וווּ איז די חברה קדישה׳?

אויב מאכן
א פּאָר צענדליק טריט,
און ניט ווײַטער,
איז גרינג צו באַמערקן
אַן אלטע געבײַדע,
לעם איר, אויף א פּלויט
איז פאַרפעסטיקט א ברעטל:
״אמאָל איז געווען דאָ א ייִדיש שטעטל״ -
האָט עמעצער פאַרשריבן.
״מענער - 220,
פרויען - 240,
קינדער - ?״

## אונדזער הייליקיער חוב

ס׳איז שטיל אין מאַידאַנעק, אין אָשוויענטשים,
אין בוכענוואַלד איז שטיל...
שוין לאַנג פאַרלאָשן די אויוונס -
זיי זענען ווי מתים קיל.
נישטאָ מער קיין קלאָגער און ריכטער,
נאָר מענטשן געדענקען אַלץ...

דאָרט קלייבן זיך וואָלקנס געדיכטע
און ס׳רוישט דער אַרומיקער וואַלד.
ער רוישט, ער בויגט זיך נישט פון די ווינטן צערייצטע,
נישט פון אַן ערדציטערניש,
וואָס ברענגט אין באַוועגונג יעדן שטיין -
דאָס שטעלן זיך אויס פלייצע צו פלייצע
מיליאָנען פאַרטיליקטע - גרויס און קליין.
זיי שטעלן זיך אויס, ווי סאָלדאַטן, צוזאַמען,
פרויען און מענער, נאָענט און ווייט,
און אַלץ, וואָס אויף דער גאָרער וועלט איז פאַראַנען,
הייבט זיך אויף, ווי אַ געוויטער, אין דער אויסגעוויילטער צייט,
און טראָגט זיך, ווי אַן אויסערגעוויינלעכער כוח,
און רודערט, ווי אַ וואַסערפאַל, פון זייער אַ הויכן אָרט,
ביז ס׳גייט איינער אַרויס פון די פאָדערשטע רייען
און נעמט אַ וואָרט.

דאָס דערמאָנט ער זיך, ווי מען האָט אים אין קאַלך אויוון פאַרטריבן,
און פאַרברענען לעבעדיקערהייט באַשטימט.
דאָס דערמאָנט ער זיך, ווי ס׳האָט דער הימל
געברענט צוזאַמען מיט אים.
ראָס דערמאָנט ער זיך, ווי דער רויך פון די קוימענס
האָט געשפרייט זיך סיי ביינאַכט, סיי בייטאָג :
דאָס דערמאָנט ער זיך נישט נאָר ווי אַן עדות -
ווי אַ מענטש, וואָס האָט זייער לעבן געוואָלט.
דאָס דערמאָנט ער זיך, ווי אַן אומגליקלעכער אָרקעסטער
פאַר זיין אומקום האָט וואַגנערן געשפּילט.
דער, וואָס האָט געזען עס, וועט נישט פאַרגעסן
ביז איצט דאָס שוידערלעכע בילד.

ס׳איז שטיל אין מאַידאַנעק, אין אָשוויענטשים,
אין בוכענוואַלד אין שטיל...
שוין לאַנג פארלאָשן די אויוונס -
זיי זײַנען ווי מתים קיל:
שוין לאַנג פאַרלאָשן די אויוונס -
מער ווערט דאָרט קיינער נישט פאַרברענט.
נאָר אונדזער הייליקער חוב איז
נישט פאַרגעסן וואָס עס איז געשען!

## אין מינוט פון שווײַגן

אין דער מינוט פון דערמאָנען
עס לאָזן אראָפּ זיך די פאָנען.
עס שווײַגן די גראָזן
אין דער מינוט.
די ווינטן וואגן ניט צו בלאָזן
אין דער מינוט.
די ערד הערט זיך אוף צו דרייען
אין דער מינוט,
און מיר ווי פארגליווערטע שטייען
אין דער מינוט.
און ס׳דוכט זיך:
ס׳צערײַסט זיך דאָס האַרץ
אין דער מינוט.
דער לויטערער הימל ווערט שווארץ
אין דער מינוט.
און ווידער א טרער ווערט פארלאָרן
אין דער מינוט.
א מאמע צעוויינט זיך פון צאָרן
אין דער מינוט.
מײַן הייליקע ערד איז אין טרויער
אין דער מינוט.

## וועטעראַנען

געבענטשט זאָל זײַן דאָס אָרט פון שטאָלץ און רום,
ווו דו האָסט זיך מיט פעסטע טריט געשטעלט.
דאָ גייט מען זיך צונויף פון אומעטום -
פון נאָענט און פון ווײַט, פון גאָר דער וועלט.

די ערע-וואך ביים לענין-מאַוזאָליי
שטרענג לויט דער צײַט זיך בײַטן גייט ארויס.
אָט זע איך יונגעלײַט, און לעבן זיי
א מענטש אין מײַנע יאָרן טיילט זיך אויס.

איך האָב אים צווישן אנדערע דערקענט.
ער האָט מיך אויך דערקענט, זיך אויך דערפרייט.
מיר האָבן זיך גענומען פאר די הענט,
צעקושט זיך און שוין לאנג מער ניט צעשיידט.

געבליבן איז די פרײַנטשאפט שטארק, געטרײַ,
ווײַל די מלחמה האָט זי אויסגעפרווּוט.
עס זעען יונגע, גייענדיק פארבײַ,
ווי וועטעראנען נעמען זיך ארום.

## דער נײַנטער מײַ

און סילויפט די ידיעה געשווינד,
און סישײַנט עפּעס אנדערעש די זון.
אן אלטער מאיאָר, ווי א קינד,
קושט מיך און נעמט מיך ארום.

איך דריק אים זײַן ווארעמע האנט
און זע, ווי דער אלטער איז מיד.
א פריילעכער בראווער סאָלדאט
א ליד א באוווּסטע פארציט.

מיר האָבן פארדינט אויף דער ערד
בארימט זײַן און ווערן באוווּסט.
די וועלט וועט ניט האָבן קיין רעכט
פארגעסן כאָטש איינעם פון אונדז.

## דער דענקמאָל

ער האָט געקעמפּט און האָט געזיגט.
און אײַנהאלטן די גאנצע ערד,
יאָ, אײַנהאלטן די גאנצע ערד
געווען עס איז אים שווער.

ער איז אין אייביקײַט ארײַן
און האָט זיך אויבנאָן געשטעלט,
יאָ, האָט זיך אויבנאָן געשטעלט,
עס זאָל אים זען די גאנצע וועלט.

און קינד-און-קייט, ווער פרײַיהײַיט שעצט,
צום פּיעדעסטאל צו זײַנעם קומט,
צום פּיעדעסטאל צו זײַנעם קומט, -
ער האָט פארדינט אזא מין רום.

און ניט נאָר יום-טוב צײַט אליין
אים פרישע בלומען-קרענץ מע ברענגט,
אים פרישע בלומען-קרענץ מע ברענגט,
אים פרישע בלומען-קרענץ מע שענקט.

אין האנט ביי אים א קינד א קליינס
מיט יעדן אבריל און גליד,
מיט יעדן אבריל און גליד
צו אים זיך ציט, צו אים זיך ציט.

ער איז ניט טויט, אין אונדז ער לעבט,
אין אונדז זײַן גבורה איז אנטפּלעקט,
אין אונדז זײַן גבורה איז אנטפּלעקט -
ער איז ניט טויט, ער לעבט, ער לעבט.

## באלאדע

דאָס יאָר צוויי-און-צוואנציקסטע. זומער.
נאָך דעם, ווי ס׳איז רויִק געוואָרן,
כ׳געדענק ווי אין שטעטל אין אונדזערס
בודיאָנאָוועס זײַנען פארפאָרן.

כ׳געדענק ווי א בחור א הויכער
צו אונדז איז ארײַין אין שטיבל.
ארײַין און געזאָגט מיט א שמייכל:
- חברים, ניט האָט קיין פאריבל...

איך וועל ביי אײַך בלײַבן ביז מאָרגן -
מיר וועלן פארלאָזן דאָס שטעטל.
מע דארף וועגן מיר זיך ניט זאָרגן, -
אזוי האָט ער אונדז געבעטן.

ער האָט ארומגעקוקט זיך גערן.
געדריקט אונדז די הענט ווי א חבר,
דערנאָך זיך פאַרגעשטעלט ערנסט:
- בודיאָנאָוועץ מאזין פאוועל.

מיר האָט ער דערלאנגט א מתנה:
צוויי שטיקעלעך הארטן צוקער.
אזוינע דערווארטן זיך קאָן מען
נאָר פון א פאָטער, א מוטער.

איך האָב זיך מיט אים באפרײַינדעט -
ביז נאכט אויף זײַן פערד געפאָרן.
דעמלט עס איז מיר געגאנגען
אוואד׳דאָס זיבעטע יאָר ערשט.

אין זייער א גוטן אופן
באגינען איך האָב באגלייט אים.
יאָרן, ווי יאָרן לויפן -
א צענדליק... דערנאָך א צווייטער...

מיר האָבן מיט רום און מיט ערע
דער וועלט, וואָס מיר קאָנען באַוויזן.
דערנאָך א מלחמה א שווערע
האָט אָנגעהויבן דער פאשיזם.

כ'פארגעס ניט די וועגן די לאנגע,
די נעכט און די גרויע פארטאָגן.
פיר יאָר כ'בין אין שלאכט געגאנגען,
פיר יאָר מיט דעם דײַטש זיך געשלאָגן.

איך האָב פארגעדענקט ביז אצינדער,
פונקט אלץ אויף פאפיר איז פארשריבן:
...דאָס יאָר דרײַ-און-פערציקסטע. ווינטער.
אין דאָרף בלויז איין שטוב איז געבליבן.

אין ביטערע שלאכטן, פאַרשטייט זיך,
ווי שטענדיק, וויל קיינער ניט שטאַרבן...
דאָ האָט אונדזער איינהייט געגרייט זיך
פאַרנעמען אַ נײַעם פלאַצדאַרם.

און ווען ס'איז די צײַט אָנגעקומען,
ווען אַלץ איז געווען שוין פאַרטיק,
באַווײַזט זיך א מענטש ניט קײַן יונגער
און נעמט מיט אונדז שמועסן האַרציק.

ער האָט זיך ארומגעקוקט גערן,
געדריקט מיר די האנט ווי א חבר.
דערנאָכדעם זיך פאָגעשטעלט ערנסט:
- פאָלקאָווניק מאזין פאוועל.

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

געווען זײַנען שפּעטער געשלעגן,
מיט וואָס צו פארגלײַכן כ'פארמאָג ניט.
מער האָב איך זיך ניט באגעגנט
מיט אים, מיט דעם חבר פאָלקאָווניק.

ערשט שפּעטער, פון ריכטיקע קוואלן
האָט מיך א ידיעה געטראָפן,
אז ער, ווי א העלד, איז געפאלן
אין שלאכט, אינעם טאָג פון נצחון.

* * *

כ׳בין מיט מײַן העפט אדורך א העלפט אייראָפּע,
פארהיטן אים איז מיר געווען באשערט.
איך בין מיט אים געלעגן אין אָקאָפּעס,
געשלאָפן אויף דער אויסגעברענטער ערד.
און וויפל פרײַנט, חברים כ׳האָב פארלוירן
(זיי גייען ניט ארויס ביי מיר פון קאָפּ) -
ניט אלץ האָט זיך פארקריצט אין מײַן זכרון,
נאָר דאָס, וואָס איז פארשריבן, שטעלט זיך אָפּ.
מיר זײַנען שטענדיק דאן געווען צוזאמען -
די אָנדערהאלבן טויזנט טעג און נעכט.
מײַן אלטער גוטער העפט, כ׳בין דיר מקנא,
וואָס אלץ פארהיטן איז דיר געווען באשערט.

## די באַבע

זי איז א באָבעניו געוואָרן,
איר אייניק טרעט ניט אָפּ פון איר.
נאָך יעדן טראָט די באָבע שפּירט,
ווי גיך עס לויפן דורך די יאָרן.

זי שטעלט זיך זעלטן-ווען צום שפּיגל,
ווײַל דאָרטן וועט זי ניט דערזען,
ווי זי איז יונג און שיין געווען -
ס׳איז ניט קיין גרויסער פארגעניגן.

זי האָט א פאָטאָ אויסגעקליבן
און סאשענקען באוויַיזן ברענגט:
אין א פילאָטקע דאָרט זי שטייט,
אין א שינעל, אין קורצע שטיוול.

באקוקט דאָס בילד פון אלע זײַטן,
דאָס קינד האָט זי ניט דערקענט -
ניט יענע האָר, ניט יענע הענט
ניט יענער ווונק, ניט יענע צײַטן...

נאָר עפּעס האָט זיך יאָ דערמאָנט
אין איר געזיכט, אין מילדן שמייכל.
- אָ, באָבע מײַנע, זײַ מיר מוחל,
האָט סאשע שטילערהייט געזאָגט.

## יאָסל און נחמה (לירישע פּאָעמע)

.1

לעם דענקמאָל דאָס פֿײַער דאָס אייביקע ברענט,
און פרישע מע לייגט דאָרט קווייטן.
אמאָל אויף דעם אָרט איז א שטעטל געווען
מיט הײַזער, מיט ברונעמס, מיט קלייטן.
לאנגיאָריקעביימער נאָך וואקסן ביז איצט,
און בושעלן נעסטן דאָ בויען.
א טײַך אין דער טיף פון פּאָלעסיע פליסט,
ווו טאָרפן זיך טריקענען רויע.

ניט ווײַט פון דעם טײַך, לעם זײַן זאמדיקן ברעג
א ייִד האָט געוווינט און געארבעט.
מע האָט אים אין שטעטל גערופן "דער עק"
און ניט יעקב-מאיר דער פארבער.

געהאט האָט דער פארבער אן ערלעכע פרוי,
א ייִנגעלע פון א יאָר זיבן.
די שטוב, ווו זיי האָבן אינדרײַען געוווינט,
איז זיי בירושה געבליבן.

לעם שטוב, ווו אן איינציקער בארנבוים בליט
(ער האָט זיך פארהיט ביז אצינדער),
פלעגט יאָסל, - אזוי האָט געהייסן דאָס קינד, -
זיך שפילן מיט אנדערע קינדער.

אַלצדינג ביי די פאַרבערס האָט יאָסלען געקלעקט,
ווײַל ער איז געווען ביי זיי איינער.
די צײַט איז געקומען - זיך לערנען אוועק,
און ניט צו דעם רבין אין חדר.

דאָס ייִנגל האָט מאָלן און שניצן געקענט -
געהאָלפן דעם טאַטן דעם פאַרבער.
געהאט עס האָט יאָסעלע גאָלדענע הענט
און פונקט ווי א גרויסער געאַרבעט.

באַגינען, צי דאַן, ווען די זון פלעגט פאַרגיין,
אָן איבערײַס - זומער און ווינטער -
אין שול, אויף דער לאָנקע, ביי זיך אינדערהיים
געמאָלט האָט דאָס ייִנגעלע בילדער.

א שאַרזש אין דער וואַנטצײַטונג וויציק און קלוג
ביי אים פלעגט באַקומען זיך תכף...
מיט שמחה איז יאָסל ארײַן אין קאָמיוג -
געווען אקטיוו אין יאַטשייקע.

.2

די קוזניע פון צײַטן האָט גוט זיך פאַרהיט,
זי שטייט ניט גערירט ביז אצינדער.
אמאָל האָט געאַרבעט דאָרט משה דער שמיד
טאָגטעגלעך פון פינצטער ביז פינצטער.

אין שטוב האָט די ווירטשאַפט בת-שבע געפירט,
געהאלטן, ווי ס'רעדט זיך, די לייצעס...
- מיין ווײַבל, - פלעגט משה זיך ווענדן צו איר, -
מײַן ריינע נשמה, מײַן אוצר!..

די שטוב פלעגט ניט זעלטן אויך כאָדראָם גיין,
פונקט זי איז אויף רעדער געשטאַנען,
ביז שפעט פון א זיצונג פלעגט קומען אהיים
די טאָכטער בת-שבע'ת - נחמה.

זי האָט זיך מיט יאָסלען באַגעגנט אין קלוב -
באַהאַנדלט, מיט וואָס זיך פאַרנעמען,
...איצט זיץ איך לעם שרײַבטיש מײַנעם אין שטוב
און שרײַב וועגן זיי די פּאָעמע.

איך זע זיי אין פּשוטע בגדים געקליידט -
דורך ווײַטע פאַרגאַנגענע יאָרן,
ווען ס'איז זיך די ייִדישע יוגנט מיט פרייד
אין שטעט אין די גרויסע צעפאָרן.

צו בילדונג געצויגן האָט ווי א מאַגניט,
די נייטערקעס, שוסטערס און סטאָליערס.
נחמה אין מעדינסטיטוט גיין באַשטימט,
און יאָסל - ווו ס'ילערנען זיך מאָלער.

אין מאָסקווע האָט אָפּגעשטעלט זיך אינדערפרי
מיט פּעקלעך דעם פאַרבערס בן-יחיד.
ס'איז גוט זײַן פאַרליבט, ווען ס'איז זיבעצן דיר,
ווען אַלץ איז גרויסאַרטיק און פּשוט.

פון שטעטל, וואָס איז שוין ניטאָ אויף דער וועלט,
נאָר ביימער לאַנגיאָריקע שטייען,
פלעגט יאָסל באַקומען סײַ בריוולעך, סײַ געלט -
געשיקט האָט זיי אים יעקב-מאיר.

מע האָט אים געווונטשן דערפאָלג און געזונט,
און מזל, און גליק - אַלץ צוזאַמען:
"ווי שטענדיק באַזונדער, מײַן טײַערער זון,
א האַרציקן גרוס פון דער מאַמען"...

**3.**

יאָסל, יאָסל!
א באַגעגעניש און א צעשיידונג...
ווײַסע פליגלען ביי א יונגן פויגל.
ריאַבינעס ניט שטענדיק זײַנען ביטער,
רעגנס מאַכן שטאַרקער דעם געוויטער.
זיסע טויען אויף די צווײַגן דינע,
ווײַטע, טויבע אומבאַקאַנטע שטימען.

אויפֿן הימל טויזנט שטערן בלאָנקען,
ס׳הענגט א ווײַסער נעפּל אויף דער לאָנקע.
טראָג עס איבער ריכטיק אויף א לײַוונט,
ס׳איז ניטאָ קיין צײַט, מע דאַרף זיך אײַלן.
ס׳וואַרט מיט אומגעדולד אויף דיר דײַן מאַמע,
און צי וועסטו זען זיך מיט נחמה׳ן?

.4

פֿון אויספּרוּוו די שעה איז אנטשטאַנען, -
דער גורל פֿון היימלאַנד איז אייביק.
מיט טויזנטער העלדן צוזאַמען
דער קינסטלער די הויפּשטאָט פֿאַרטיידיקט.

- גייט גיכער! - האָט יאָסל געפֿאָדערט, -
ס׳איז יעדע סעקונדע איצט טײַער.
באַגינען זײַן מאַרשעווע ראָטע,
ניט רוענדיק, עפֿנט א פֿײַער.

שוין שטעט און ישובֿים באַפֿרײַיטע
זיך פֿרייען מיט אונדזער נצחון,
מיט דעם, וואָס דער שונא אלץ ווײַטער
פֿון מאָסקווע איז האַסטיק געלאָפֿן.

אין דערפֿער איז רויִק, און ביטער
לעם הײַזער פֿאַרברענטע אַרומגיין,
און פּלוצעם א זודיקער שפּליטער
דעם יונגן קאָמאַנדיר פֿאַרווונדעט...

.5

א ברייטע געפּאַרבטע טיר,
אנטקעגן - איין-איינציק פֿענצטער.
אן אײַזערנע בעט, און לעם איר
א באַרעמהאַרציקע שוועסטער.

אין צימער איז ענג און שטיל.
פֿונדרויסן די שויבן פֿרירן,
א הייב טאָן די הענט ער וויל,
ער קאָן מיט די פֿינגער ניט רירן.

שוועסטערקע ליבע, פאַרשטייסט!
די האַנט דאַרף איך האָבן צו מאָלן.
ער זוכט ניט קיין וואָרט פון טרייסט.
דאָס לעבן פּרוּווט אויס נאָכמאָל אים.

**.6**

אין מאָסקווע איז יאָסל אַוועק צו נחמה׳ן,
זי איז ווי צעמישט אין איר צימער געשטאַנען.
זי מוז צום וואָקזאַל אָן פאַרשפּעטיקונג יאָגן,
פון דאָרטן דער צוג צו דעם פראָנט וועט זי טראָגן.
ביי יאָסלען זי איז ניט אַרויס פונעם זינען,
און ווּ זי ניט זיין זאָל - ער וועט זי געפינען!

איצט איז ער באַגלייטן דעם דאָקטער געגאַנגען,
זיין ליידיקער אַרבל איז עלנט געהאַנגען.
זי האָט עס באַמערקט און אָן אופהער געטענה׳ט:
זיי מונטער! ניט ערגער זיך, טייערער מיינער...
דערנאָך רעגולער פלעגן שטענדיק אים רעגן
די בריוועלעך אירע - די ווייסע דרייעקן.

**.7**

אין אַלע פיר זייטן די וועלט איז באַקאַנט.
אַרום און אַרום זיינען פעלדער געראַמע.
אַהער קומט צו פאָרן א ייִד אָן א האַנט,
לעם אים איז כסדר דאָס ווייב זיינס, נחמה.

אין וועג זייער איינציקער זון, א דאָצענט,
אָפּט נעמט זיך דעם טאַטן, די מאַמע באַגלייטן.
זיי קומען צום הייליקן מאָנומענט,
ווּ ס׳וואַקסן פילפאַרביקע איידעלע קווייטן.

די ערד נאָך א וואַרעמען רעגן איז פייכט.
ווי שטענדיק, די ביימער לאַנגיאָריקע שטייען.
עס פליסט אין דער טיף פון פאָלעסיע א טייך,
אַמאָל האָט געוווינט דאָ א ייִד יעקב-מאיר.

## דער העלד פון מײַן סאָנעט

איך זע אים אויף דער אַרבעט און אין גאַס -
ער איז אין טאָג אין קומענדיקן זיכער.
איך האָב ניט אויסגעטראַכט דעם פּערסאָנאַזש
און ניט געזוכט איך האָב אים אין די ביכער.

ער עפנט אויף די טיר און קומט אַרײַן.
א לעבן לעב איך אָפּ מיט אים אינײינעם.
ער איז פאַראַן און שטענדיק וועט ער זײַן,
אין אונדזער וואָר, ניט צוגעטראַכט פון קיינעם.

ווער איז דער מענטש, מיט וועמען כ׳בין באַקאַנט,
וואָס בלײַבן וועט אויף לאַנג אין דער געשיכטע?
ער איז אַן אַרבעטער, א קאָסמאָנאַווט,
א טראַקטאָריסט, א לייטענאַנט, א דיכטער.

דעם העלד פון מײַן סאָנעט וואָס פעלט?
ס׳זאָל אייביק זײַן דער שלום אויף דער וועלט.

* * *

דער הימל וועט אַ הימל בלײַבן שטענדיק,
די ערד די קײַלעכדיקע איז מײַן אייגנס.
איך בין לחלוטין ניט פון יענעם צענדליק,
וואָס קענען מיט חברים זיך צעשיידן.
איך בין מיט זיי פון קליינווייזאָן באַפרײַנדעט,
איך האָב דאָ ניט אויף קיינעם קײַן פאַריבל.
מיר וואָלט זיך וועלן בלויז עס זאָלן אָנגיין
די לידער, וועלכע כ׳האָב פאַר זיי געשריבן.
אין זיי איז די בעריאָזקע די פאַרשײַטע,
דער ברייטער קליאָן, די ריאַבינע די שיינע,
אין זיי איז אונדזער קאַנט, די וועגן ווײַטע,
באַדעקטע מיט אַספאַלט, מיט גלאַטע שטיינער.

לעם וועגראַנד, האַלב פאַרוואָקסן - ריוון, קברים,
מיט וועלכע ס׳איז די ערד ביי אונדז ניט אָרעם.

* * *

אויב אַלץ דיר שטעלט זיך פאר אין גרינע פאַרבן,
איז לעבן לייכט, ס׳איז דאָס אַרומגיין גרינג.
דאָס האַרץ, אַנשטאָט צו קלאַפּן, שפרינגט,
עס טראַכט זיך ניט אפילו וועגן שטאַרבן.

דיר חלומ׳ט זיך - פאַרבייטן יענע ווערטן,
וואָס דו האָסט לאַנג געשאַפן, אויך פאר זיך.
עס לויפט די צײַט, ניט ווי געוויינלעך גיך -
ווײַט גייען אָפּ פון דיר די יוגנט-שמערצן.

און דו, פאַרכאַפּט מיט אנדערע באַגריפן,
פאַרגעסט ווי ס׳איז געווען דאַמאלט שיין,
ווען דו ביסט נאָך גאָר יונג געווען און קליין,
ווען ביסט פאַרגלייבט געווען אין טרוים אין טיפן.

די אויגן דײַנע שוין אַצינד פאַרוועלקט,
מיט פוסטן לײַכטזין קוקן אויף דער וועלט.

* * *

א יונגער פויגל אויף א סטרעכע רוט -
ס׳איז אויף די גערטנער ערשט דער אָנהייב זומער.
דו זאגסט, אז דיר איז אויף דער עלטער גוט,
אז פונעם לעבן האָסטו אלץ גענומען.

מיט וואָס האָסטו באצאָלט דײַן היים, באדאנקט?
צי האָסטו, ווי א זון, פאר איר געוויייטעקט? -
מיכוח דעם דיך פרעגן איך פארלאַנג
און ווארט, דו זאָלסט אַן ענטפער געבן תכף.

דיך ארט ניט, וואָס א מענטש פון דיר אנטלויפט,
דאָס הארץ ביי דיר, ווי פריִער, רויִק לאָקערט.
דו ביסט געווען שטענדיק א בעל חוב,
נאָר קיינמאָל ניט געווען קיין בעל צדקה.

ניין, ניט פון יענעם קוואל הצלחה שעפּסט -
וווהין האָט דיך דײַן איינזאמקײַט פארשלעפּט?

* * *

צי דאַרף מען זײַן אין לעבן אומבאַגרענעצט,
אויב ס'איז נאָך צײַט פֿאַראַן אין דײַן רשות?
איך גלייב ניט אין גן עדן און אין גהינום,
כאָטש כ'גלייב אין דעם, וואָס מיר איז אומבאַוווּסט.

אויב ס'איז דײַן האַרץ נאָך פֿילבאַר, ווייך און טעטיק,
דײַן קאָפּ דײַן ווײַסער קלאָר איז נאָך און קלוג,
ניט זאָג, אַז דו האָסט אויפֿטאָן אַלץ פֿאַרשפּעטיקט,
ניט זאָג, אַז דיר פֿערזענלעך איז גענוג.

און טאָמער טעג איז דיר געבליבן ווייניק,
אויב אויף די פֿיס זיך שטעלן פֿעסט ווערט שווער,
פֿאַרגעס ניט, אַז ביסט געווען פֿאַרייניקט
נשמה צו נשמה מיט דער ערד.

באַווײַז, ווי נאָר דו גייסט די שוועל אַריבער,
צו איר, דער ערד, דײַן אָפּשײַ און דײַן ליבע.

## מײַן ערשטער לערער

מײַן ערשטער לערער, וועלכן איך געדענק,
האָט גוט געזונגען, זייער שיין גערעדט.
ער האָט מיר מענדעלעס אַ בוך געשענקט
און דערצו - דעם שרײַבערס אַ פּאָרטרעט.

איך האָב ניט זעלטן גיין צו אים געקענט -
אפֿילו היינט צו אים, ווי אין אַ שול, מיך ציט.
ער האָט מיך אויסגעלערנט, ערשטנס - זײַן אַ מענטש
און צווייטנס, יידיש לייענען, פֿאַרשטיין עברית.

אים האָט געפֿרייט. ער איז געווען שטאָלץ,
וואָס איך האָב פֿאַר אַ קורצער צײַט דערגרייכט...
זײַן אַלטע פֿלעגט אין אויוון לייגן האָלץ
אַזוי, אַז ס'זאָל אין שטוב ניט גיין קיין רויך.

זי פֿלעגט זיך פֿאָרען לעבן אויוון שטיל, אָן רעש,
ביז פֿון די שפּענדעלעך פֿלעגט ווערן אַש.

* * *

ס'האָט, קאָן מען זאָגן, גאָרנישט ניט פּאַסירט -
אַ נייער טאָג איז לאַנגזאַם אָנגעגאַנגען.
און ווידער האָט די היץ פון אינדערפרי
זיך אָנגעוואָרפן אויף די גרינע זאַנגען.

ניט אָפּגענאַרט האָט זיי דער פּאָרגעפיל:
דער באָדן האָט צעטרענצלט זיינע כוחות...
אַ פויער שרייט צו גאָט און פאָדערט הילף,
און סאַמאָסאַד דעם דריטן מאָל פאַרויכערט.

ווען פּלוצים, ווי אין אָוונט, לופטיק ווערט
און ס'גייט ניט דורך דער וואָלקן אויפן הימל,
ווי וואָלט זיך אָפּגעלעבט די פרייגעביקע ערד!
ווי וואָלט ביי אונדז זיך אויפהייבן די שטימונג!

איך זאָג, אַז ס'איז ניט ווייט, ניט ווייט - גלייך ווי געגעבן,
דער טאָג, די ווילע צייט פון מזל-ברכהדיקע רעגנס.

## ווי יעגער רוען

אַן אומבאַקאַנטער מענטש האָט מיך באַגעגנט -
ער, זעלבסט, איז מיט אַן אָרט געווען באַוואָרנט.
איך האָב זיך נעבן אים אויך איינגעאָרדנט
און באַלד, ווי אַ געהרגעטער געלעגן.

די צייט איזביידערנאַכט אַזוי געלאָפן.
ווי סילויפט דער טאָג, למשל ערב שבועות.
צוויי יעגער צווישן זיך האָבן געשמועסט,
ניט ווייט אַ יונגערמעאַן איז שטאַרק געשלאָפן.

ביז שפּעט מע קומט צו גיין, מע קומט צו פאָרן...
דאָ איבערנעכטיקן איז ניט געפערלעך,
דאָ אויסבאַרימען זיך איז שטענדיק מעגלעך,
ווייל יעגער זיינען גרויסע פאַנטאַזיאָרן.

גאַנץ פרי, ווען יעגערישע הינט פון הונגער בילן,
דער וואָלף, ווי ניט ביי זיך, הויבט אָן זיך פילן.

## די גאַנצע וועלט

אָט שטעלט אייך פֿאָר: אַ מדבר, גאַנצע טעג
אַ הייסער ווינט גראָבט אויס, פֿאַרשיט, צעמזיקט...
און פּלוצעם, ווי אין חלום, ווייט פֿון וועג
באַווייזט זיך אַ פּילפּאַרביקער אָאַזיס.

אין קילן וויינגאָרטן שולמית שפּאַצירט
מיט יענעם וועלכער איז איר ליב און הייליק.
ווי וואָלט אויף דעם איר מאַנצבל רעאַגירט
וואָס איז געבליבן איינזאַם און באַליידיקט?

מיינט ניט, אַז ער וואָלט וועגן אַלץ דערציילט
דעם אַלטן טאַטן זיינעם און דער מאַמען...
אַ וואָרט, אויב גייט פֿון פֿולן האַרצן, היילט
און, ווי אַ שלאַנג, דאָס לעבן קאָן פֿאַרסמען.

אַ וואַסערקוואַל - און ס׳שפּאַרט פֿון דאָרט מיט קעלט:
אַזאַ וואָלט פֿאָרגעשטעלט זיך אים די גאַנצע וועלט.

## וועגן גליק

וואָס האָט דיך, ברודער, אויף די פֿיס געשטעלט
און אין דער וועלט אַרײַנגעצויגן?
יאָ, מזל קויפֿט מען ניט פֿאַר גאָלד, פֿאַר געלט -
ניט וואַרט ביז עס וועט קומען אין דײַן וווינונג.

פֿון דײַן ניט ענגער דירה גיי ארויס,
די וועלט באַקענען זיך מיט דיר איז גערן...
אין אינסטיטוט און אינדערהיים טאָג-איין, טאָג-אויס
דערווייז ווי דו ביסט פֿעיק, איידל, ערנסט.

געדענק אין וואָס עס נייטיקט זיך די ערד,
פֿאַרוואָס איז אָפּטמאל וואָלקנדיק דער הימל...
אַ מזלדיקער, דוכט זיך מיר, איז דער,
ביי וועמען שטענדיק איז א גוטע שטימונג.

אויב דו האָסט ער׳לעך, כשר גליק דעראָבערט,
וועט מיטבאַגלייטן דיך, דערעיקר, אָפּשײַ, כבוד.

## קונסט

אַז עס זאָל שטיל ווערן אין וויג דאָס קינד,
די מאַמע וועט איר אייפעלע פאַרוויגן
מיט יענעם זייער, זייער שיינעם ניגון,
וואָס זי האָט ניט פאַרגעסן ביז אַצינד.

בפרט, עס איז דאָך ניט קיין נײַעס, קיין נס,
אַז סיציט אן אייפל זיך צו אַ געמעל, צו פאַרבן,
וואָס עס האָט ערשט דערזען אויף ביידע אַרבל.
ביי דיר, אויף דײַן אַלטמאָדישן זשאַקעט.

אפילו ניט קײַן גרויסער סוווענִיר
פון שלעכטע נײַגונגען קאָן דיך גרינג אַנטוויינען...
קונסט מאַכט דעם מענטשן האַרציקער און ריינער
און ברענגט אים פאַרגעניגן אָן אַ שיער.

איך פרעג : וואָס האָט דעם אומבאַוווסטן מײַסטער
אַ הירש פון האָלץ אויסשניצן באַגײַסטערט.

## א ווונטש

שוין ווייניק טריט צום סוף יאָרהונדערט בלײַבט -
יאָ, ווייניק הארבסטן, ווינטערס, פרילינגס, זומערס.
מיט וועלכן טרוים, מײַן ליבער, וועסטו קומען
אהין, אין יענער שוין ניט ווײַטער צײַט!

איך וויל, אז קיינמאָל זאָל ניט זײַן קיין קריג,
דו זאָלסט מיט פעסטן פוס צום חוב זיך שטעלן.
און נאָך א זאך - דו ווייסט, וואָס איך וואָלט וועלן?
דײַן ארבעט זאָל דיר ברענגען פרייד און גליק.

און אלעמען זאָל ווארעמען די זון,
אן דו זאָלסט שטענדיק פריידיק זײַן און מונטער,
מע זאָל דיך זען א שטארקן, א געזונטן,
די קינדער דײַנע זאָלן זײַן געזונט.

דער מאָרגן איז אין דיר, אין דײַן געוויסן,
און דו, מײַן ליבער, וועסט פון אים געניסן.

## בעטהאָווען

ס׳קלינגט אין עפיר זײַן גוט באקאנטער נאָמען.
אין זאל פארנומען זײַנען אלע ערטער...
דער דיקטאָר מעלדעט: ליודוויג וואן בעטהאָווען!
ס׳ווערט שטיל. עס הייבט אָן שפילן דער אָרקעסטער.

דאָס פירט מען אויס זײַן פינפטע סימפאָניע
מיט גרויס באַגײַסטערונג, פונקט ערב יום-טוב.
ס׳ווערט ענג אינעם זאַל פון דער פילהאַרמאָניע
פון רעגונג צײַטנווײַז פארכאפּט דער אָטעם.

יאָ, ס׳פלעג דער קאָמפּאָזיטאָר ניט פארבײַגיין
א בארג און אויך א וועלדל אין דער נידער.
די אומרויִקע וועלט מיט אירע דאגות
אין אים האָט זיך אנטפלעקט, זיך אײַנגעגלידערט.

אין דעם זײַן גרויסקײַט איז און זײַן באַדײַטונג -
דער איבערוף פון דורות און פון צײַטן.

* * *

זי האָט די מעגלעכקײַט פארגיין און קומען
דורך וואָלקנס נידעריקע און געדיכטע -
זי, די לבנה-שיין, דערעיקר זומער
ציט צו זיך די מוזע פון א דיכטער.

זאָל זײַן, אז וועגן איר האָט מען געשריבן,
אז אויף איר אויבערפלאך איז שוין דער מענטש געשטאנען -
זי איז געווען ביז איצט און איז געבליבן
א מין לאמטערן פאר דער ערד און אָקעאנען.

אָן אויסוועג פאר געלערנטע בארימטע
און פאר פאנטאסטן - אויף צו זען אַ וועלט אין שפּיגל.
אך, די לבנה! גלויבט: אפילו ווינטער
איז שטיין אנטקעגן איר א פארגעניגן.

זי קען, פונקט ווי אן ״ע.וו.מ״, געדענקען,
וואָס ס׳האָט געזאָגט און זאָגן וועט א דענקער...

## ניט נאַר זיך אָפּ, פּאָעט

אַ דיכטער ווערט געבוירן, אַ דיכטער שטאַרבט.
צווישן דער זומער קומט, דערנאָך - דער האַרבסט,
דערנאָך די אייפאַריע אַרום אים פאַרשווינדט
גלייך ווי אַ זייפן-בלעזעלע אומבאַדינגט.
צו אים, ווי צו אַ מענטשן, בלייב ווילגענייגט,
ווען אויף זיין קאָפּ געדיכט אַ נעפּל הענגט,
ווען ס'קומט אַ מענטש און קלאַפּט זיך אין זיין טיר,
ווען ער איז הילפלאָז איינגעליבט אין דיר.
דערציייל, אויב ס'ניט קיין סוד, וואָס דו פאַרלאַנגסט,
דיין ווארעמע האַנט צי אויס און אים דערלאַנג,
און זאָג אים שטילערהייט, ניט לאַנג געדעט :
ניט נאַר זיך אָפּ, ניט נאַר זיך אָפּ, פּאָעט.

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

אַ דיכטער הויבט זיך אָן אויך נאָך זיין טויט
אַזאַ איז שוין די גאַנצע וועלט געבויט.

## איך זוך זיי ביז אצינד

חלומות שווערע... איך און מיינע אבות...
א ווילדע קעלט. די ערד איז פוסט און וויסט.
אָט פּאָכעט מיט דער שאשקע א מאכנאָוועץ,
אָט שיסט אין מיר א דײַטשישער פאשיסט.

אָט קומט צו מיר צוגיין מײַן גוטע מאמע
און זעצט זיך א פארוויינטע לעם מײַן בעט,
זי דעקט מיך צו און נאָכמאָל פונדאנען,
פונקט ווי א ווײַסער שאָטן, גייט אוועק.

כ'געדענק ווי זי האָט זיך ביי מיר געבעטן,
און סוף כל סוף אליין האָט זי באשטימט,
איך זאָל וואָס גיכער אָפּפאָרן פון שטעטל,
און אירע זין געפינען אומבאדינגט.

איך זוך זיי ביז אצינד - וווּהין איך קום -
ס'איז דאָך אזויפיל קברים אומעטום...

* * *

כ׳בין ניט געשטאַנען און אויף איר געוואַרט -
צו איר, ווי צו דער זון, זיך ניט געצויגן...
די בין, וואָס האָט אַ ביס געטאָן מיר, שטאַרבט -
זאָגט, ווער פון אונדז איז שולדיק אין איר גורל?

פאַרוואָס, פאַר וועלכע זינד, איך פרעג ביי זיך
איז זי אין מיר זיך, ווי אין אַ שונא, נוקם?
מע זאָגט, אַז שולדיק איז אין דעם איר גיפט,
פון וועלכן כ׳האָב דערפילט אַ זיסן ווייטיק.

ניט איך האָב זי געזוכט אין פעלד. פאַרקערט,
זי איז אַרויסגעפלויגן מיר אַנטקעגן,
דערנאָך אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד
און איז געבליבן ליגן אָן באַוועגונג.

געוועז אַ בין און ס׳איז די בין פאַרשוווּנדן
אויף שטענדיק פון דער גאָרער וועלט אין אָפּגרונט.

## צו א פריינט

דו זאָגסט, אז ס׳האָט פארווירקלעכט זיך דיין טרוים,
אז דו ביסט שוין געוואָרן פיל געניטער.
עס שטייט לעם ברעג פון טייך א הויכער בוים
און לעבן אים א צווייטער און א דריטער.

שפעט אָסיען, ווען דער ברעג פון טייך פארפרירט,
און ווינטן צו די ביימער דריי זיך שפּארן, -
דאן יעדערער פון זיי לויט זיין מאניר
ווערט פטור פון די ווינטערדיקע בארן.

זיי שיטן זיך אראָפּ, ווען ס׳איז שוין קאלט,
און בלייבן אויף ערד ווי פאראיאָרן.
ניט זאָג, אז דו ביסט שוין געוואָרן אלט
ניט זאָג, אז פון יריד צוריק מיר פאָרן.

דו וועסט נאָך זען, ווייל צייט ניט ווייניק האָסטו,
ווי ס׳שפּראָצן אויף די ביימער נייע קנאָספּן.

## דער אַלטער זייגער

איין מאָל אין וואָך, באַגינען, ביז אַצינדער
כ'פּיר איבער אויף א פערטל שעה זיַין ווײַזער.
ער האָט פון ווינקל ביז צו ווינקל ניט קיַין גרינגע
פאַר לאַנגע יאָרן דורכגעמאַכט א רײַזע.

אים וועט ניט שווער זיַין נאָך א יאָר זיך מיען
און, ווי א ראָבאָט, פינקטלעך זיך באַוועגן...
מײַן הילף - די וואָג די שווערע זיַינע ציען
און אויף דעם ציפערבלעטל אַכטונג געבן.

די ציפער זיַינע - אויסגענוצטע, בלייכע,
איצט זעען אויס ווי פינטעלעך פאַרוועלקטע.
עס קלינגט דער זייגער, אָבער שטילער, ווייכער -
ס'ווײַיזט אויס, עס ווירקט אויף אים זיַין טיפע עלטער.

ער איז שוין ניט ווי נעכטן, רויק, טעטיק -
ניט זעלטן שטעלט זיך אָפּ, לויפט, פאַרשפּעטיקט.

* * *

ס'ליגט אויפן טיש מײַן העפט. לעם איר דער בלײַיער.
איך זאָג זיך אָפּ אין אָוונט גיין שפּאַצירן.
ניט זעלטן ווילט זיך מיר אַליין, אָן כעס
א שמועס מיט דער גאָרער וועלט פאַרפירן.

וואָס קאָן איך פון דעם שמועס דערוואַרטן?
וואָס דאַרף איך פון דער גאָרער וועלט פאַרלאַנגען?
כ'וועל זיצן לעבן טיש און ווידער טראַכטן,
ביז ס'וועלן קומען ליכטיקע געדאַנקען.

אַלץ אויף דער ערד דאָס בעסטע און דאָס שענסטע
מע מוז פון שלעכטס פאַרהיטן, פון סכנה...
אַ שטערן קוקט אַרײַן צו מיר אין פענצטער,
אויף א בעריאָזקע דרעמלט די לבנה.

צי וועלן ווען-ס'ניט-איז די שטערן זיך דערוויסן,
אַז כ'האָב געוואָלט מיט זיי אַ שמועס טאָן אַ ביסל?

## אַן עליקסיר

ווען דו דערפֿינדסט אַזאַ מין עליקסיר,
וואָס פּעיִק איז פֿיל שווערע ווונדן היילן
דו זאָלסט מיר תּיכּף וועגן אים דערציילן
ווען דו דערפֿינדסט אַזאַ מין עליקסיר!

איך וואָלט מיט פֿרייד גענומען די רפֿואה
דער ערשטער פֿון דיין פֿרייגעביקער האַנט.
גלייך ווי אַ טאַליסמאַן, ווי אַ געשאַנק
איך וואָלט מיט פֿרייד גענומען די רפֿואה.

זײַן דאַנקבאַר דיר איך וואָלט טאָגטעגלעך.
ווען איך דערוויס זיך, אַז דער עליקסיר
קאָן אָפּשטעלן דעם האַרצווייטיק ביי מיר,
זײַן דאַנקבאַר דיר, איך וואָלט טאָגטעגלעך.

אָ, כ׳וואָלט דעם עליקסיר ביי דיר גענומען.
ווי תּפֿילין נעמט אין האַנט אַ ייִד אַ פֿרומער.

* * *

דערווינט שטעלט זיך אָפּ, די כמאַרע גייט דורך,
אַ מענטש ניט געאײַלט נייע שטערן אַנטדעקט.
אין חלל אַ לופֿט-שיף די וועלט פֿליט אַרום
אַרום-און-אַרום, ווי אַ פֿייל, אומבאַמערקט.

זי פֿליט און עס איז איר אָרביטע ניט קליין -
זי וועט אינדערהויך ניט אַראָפּגיין פֿון איר...
דאָרט העלדן געפֿינען זיך, ווי אינדערהיים,
בראש מיט אַן אויסגעצייכנטן קאָמאַנדיר.

אַ יעטווידער פֿלוג ניט איינמאָל אין יאָר
אין חלל צו נײַע דערפֿאָלגן דערפֿירט.
מיר זעען ווי גוט די סטיקאָוועקע קומט פּאָר:
״שאַטל״ - ״וואָסטאָק״, ״אַטלאַנטיס״ און ״מיר״.

צום צושטאַנד פֿון אָנוואָגיקייט ביז אַצינד
צוגעוווינען זיך איז זייער ניט גרינג.

## וועלטגעבוי

דער הימל וואָלט דערגיין צו נייע הויכן,
די ערד וואָלט אויסגעזען אין צען מאָל שענער,
ווען ווייטע שטערן וואָלטן האָבן שכל,
ווען ווייטע שטערן וואָלטן ריידן קענען.

צי קענען זיי ווי אויפריכטיקע עדות
טאָג-איין, טאָג-אויס דעם אמת האַרציק ליבן?
צי וועלן זיי אַרויסגעבן די סודות,
וואָס זיינען פון דער ערד פאַרשפּאַרט געבליבן?

צי האָט דער מענטש צו זיי געוויסע טענות,
צי ווערט געננוג זיין אינטעלעקט באַרייכערט?
דער וועלטגעבוי און די געזעצן זיינע
צו אַלץ, וואָס לעבט און לעבט ניט, האָט אַ שייכות,

ס'איז קיל דער טוי, די לופט - געדיכט, דער באָדן - זעטיק
אין וועלטגעבוי איז אַלץ באַשטימט, באַשטעטיקט.

## מיין שָכן

אין שטעטעלע, צו די בני-עיר, בפירוש,
מיך האָט אַ ווינט אַ וואַרעמער געבראַכט.
מיך האָט מען ניט באַגעגנט ווי אַן אורח -
איך האָב פון קיינעם כּיבוד ניט דערוואַרט.

לעם דאָרפראַט, שטיל, אין איינשפּאַן, ווי אַ שאָטן,
איז לאַנג געשטאַנען אַ בולאַנער פערד.
צופוס איך בין פון גאַס צו גאַס געטראָטן -
ס'האָט קיינער מיך אין שטעטל ניט באַמערקט.

פון אַלע זייטן האָט געשמעקט מיט רויערד -
די זון האָט אויף די גערטנער ניט געברענט.
בלויז איינער, ווירקלעך, ניט קיין יונגער פויער,
איז צוגעגאַנגען און האָט מיך דערקענט.

כ'האָב שטאַרק, ווי אַ פאַרכּשופטער, געדריקט זיין האַנט -
דאָס איז געווען מיין שָכן, קרוק איוואַן.

## די קרעניצע

ניט אין האָבער, ניט אין קאָרן - אויבנאָן,
הינטער באַלקע לאַנגע יאָרן וואַקסט אַ קליאָן.
ניט ער שטיפט און קאָן ניט רוען - שטייט ניט איין -
דאָרט אַ קרעניצע געפונען האָב איך היינט.
כ'ווייס ניט וועלכער שד, פון וואַנען, קומט צוגיין
און אָן מורא וואַרפט אַריין אַהין אַ שטיין,
און אַ צווייטן, און אַ דריטן - ניט געאיילט,
ביז פון אַלץ, וואָס דאָרט געווען איז, גאָרנישט בלייבט!
שוין פאַרוואַקסן ווערט מיט ווילדן גראָז געדיכט
דאָרט די סטעזשקע, וועלכע האָט צו איר געפירט,
ווו אַ מענטש פלעגט אָפט זיך אָפּשטעלן און דאָרט
שטילן ניט געאיילטערהייט דעם דורשט.
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
ניט זי ווערט פאַרפאַלן תיכף, ניט זי רוישט,
נאָר, פונקט ווי אַ ליכט, פאַרשווינדט, גייט אויס.

* * *

באַוועגן זיך איז דיר געוואָרן שווער -
ניט זעלטן ווערסטו בלאַס און שטאַרק פאַרמאַטערט...
פאַרגעס זיך ניט פונוואַנען שטאַמסט און ווער
געווען אין דײַן האָרעפּאַשנער טאַטע..

די מאַמע דײַנע קיינמאָל ניט פאַרגעס
פאַר אַלץ, וואָס זי האָט דיר ביז שפּעט געגעבן.
צי האָסטו זי גענוג געליבט, געשעצט,
געהיט זי זאָל אָן עגמת נפש לעבן?

געדענק, אַז זי האָט דיך, אַ וויקלקינד, דערנערט,
געצערטלט און געקושט דײַן יעדן אבר.
אויב אויפן האַרצן אָפטמאָל ביטער ווערט,
גיי צו און שטיי אַ ווײַלע לעם איר קבר.

דאָרט ניט קײַן זאַמד אַ בערגעלע וועסט זען,
נאָר זיך, אַן אייפעלע, אויף אירע הענט.

* * *

איך וויל דו זאָלסט געדענקען דײַנע אבות,
וואָס האָבן דיך געליבט, לעבן דיר געשטאַנען...
דו טרוימסט פון דײַנע קינדער האָבן כבוד,
אַז מענטשן זאָלן דײַן זאָלן דײַן שטוב מקנא!

דער בונד פון דורות, גלויב מיר, ווערט ניט שוואַכער,
פאַרקערט, ער שטאַרקער ווערט, ער גייט ניט אונטער...
דו האָפסט פון דײַנע קינדער האָבן נחת!
דאָס ווענדט זיך בלויז אין דיר אַליין, מײַן ברודער.

און אויב דו וועסט זיי ריכטיק לעבן העלפן,
און לערנען גוט, און ליב האָבן, און גלויבן -
א דאַנק וועט זאָגן דאַן דיר די געזעלשאַפט,
וואָס דו האָסט פּײַנע יונגעלײַט דערצויגן.

ניט איין געלערנטער האָט זיך געשווירן:
קײַן שלעכטע מענטשן ווערן ניט געבוירן.

* * *

אַ ליכטיקער, אַ וואַרעמער באַגינען,
דער בלויער הימל ריין איז ווי אַ שפּיגל.
לעם עפּלבוים געשמאַקע עפּל ליגן,
געשמאַקע עפּל וואָס זיינען שוין ניט גרינע.

און מיטאַמאָל די פרישע לופט ווערט לינדער,
פון ערגעץ קומט א וואָלקן ניט קײַן גרויסער.
איך ווייס: דער טאָג וועט שוין ניט זײַן קײַן הייסער,
ווײַל ס׳איז דאָך פאָרט שוין אָסיען-צײַט אַצינדער.

צונויפקלײַבן די זיסע עפּל כ׳נעם זיך,
פון זאַפט פון ריינעם קאָן מען ווערן שכור,
נאָר ניט דאָס קלײַבן עפּל איז דער עיקר -
דער עיקר, וואָס אַ ביסעלע איך שעם זיך.

פאר דעם, וואָס ער, מײַן קאָפּ מײַן ווײַסער, דרייט זיך,
ניט פרעגט ביי מיר די סיבה - גלאַט אַזוי זיך.

* * *

שוין פריער האַרבסט.ביים קליאָן די אַלטע בלעטער
נאָך הענגען מערסטנטייל אויף אַלע צווייַגן.
דער ווינט האָט זיך ניט אויסגעלערנט שווייַגן
און אומרויקער, קעלטער מאַכט דאָס וועטער.

כ׳האָב לאַנג לעבן ״מאָסקוויטש״ זיך ניט געפּאָרעט,
איך שפּאַן צופוס אין דאָרף אינעם באַקאַנטן.
א לאָשעק טראָגט זיך צוריק אַן אויסגעשפּאַנטער
און איך דערזע די שקאַפּע אינדערפּאָרנט.

מיט פערד-און-וואָגן כ׳האָב אַמאָל געוואַנדערט.
די אַלטע צייַט מיט שנייען איז פאַרווייעט,
אין דאָרף האָבן די הענער זיך צעקרייעט -
עס איז, א פּנים, האַלבער טאָג, ניט אַנדערש.

און באַלד די רו פאַרשווינדט, ווייַל לעבן שייַער
עס האָבן זיך צערוישט קאָמבייַנען נייַע.

* * *

דער ערשטער שנייפּאַל. אַ קאַלטער ווינט
האָט נאָכאַמאָל באַשטעטיקט אַז ס׳איז ווינטער.
נעבן אַן אַלטן בוים אַ וועווערקע אַ פלינקע
אין טיפן וואַלד אַן אָרט פאַר זיך געפינט.

זי האָט פון פאָראויס זיך באַזאָרגט מיט שפּייַז
און איז פון דעם געוויס געבליבן קאָנטנעט,
נאָר האָט זיך אין דעם ערשטן שניי פאַרפּלאָנטעט
צווישן די שפּורן אירע אין אַ קרייַז.

דער באָדן גלייַכמעסיק פאַרפרוירן ווערט,
דער שניי אַ בעטדעקע האָט אים געשאַפן -
אַז ער זאָל לייַדן פון דער קעלט ניט דאַרפן,
עס זאָל אים איבערווינטערן זייַן ניט שווער.

אזוי דער ווינטער קומט יאָר-איין, יאָר-אויס,
נאָר יעדעס מאָל מיט עפּעס טיילט זיך אויס.

* * *

כ'האָב אויסגעהערט דײַן שטענדיקן באַריכט
און זיך באַקאַנט מיט דײַן באַליבטן טעזיס:
אַז איך בין אויסער זיך, אַז דו ביסט אויסער זיך,
אַז איך האָב ניט פֿאַרגעסן, וואָס געווען איז.

כ'האָב ווידער ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס דו מיינסט,
און ניט געבעטן דו זאָלסט מיר דערקלערן,
ווײַל אויף דער גאָרער וועלט ביז איצט געהיים
דערליידן זיך בלויז בלאָנקענדיקע שטערן.

זיי האָבן ביז אַהער מיך ניט אַנטוישט,
און, ווי ס'האָט זיך געפֿירט, אויך ניט געפֿאַנגען,
צו מיר דערקײַקלט זיך פֿון וואַלד דער רויש,
דער איבערוף פֿון שטימען און פֿון קלאַנגען.

כ'האָב ליב, אַז עס איז גרינג און פֿריש אַרום -
אַ ליכטיקער געדאַנק אויפֿן זינען קומט.

* * *

איך ווייס, אַז ס'איז ניט גרינג צו בלײַבן יונג
און לוסטיק זײַן און פֿריש, ווי דוכטן קאָן זיך,
ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי, די זון,
אפֿילו ווינטער מיטן מענטש איז קאָנטענט.

זי וואַרעמט מיך און היילט. אָן אונטערשייד -
ווי נאָר דער פֿרילינג קומט - די שטראַלן אירע
אַזוי ווי פֿאַראיאָרן צאַרט, מיט פֿרייד
באַזוכן אויפֿן ערשטן שטאָק מײַן דירה.

זײַ נעמען מיך ארום מיט גרויס פֿאַרשטאַנד
און ווילן, אַז איך זאָל זיי געפֿעלן...
איך גיי מיט זיי אַרויס און נעם אין האַנט
אַ זשמעניע זאַמד, ווי גאָלדענע קאַרעלן.

און יעדעס זעמדעלע צו מיר זיך קלעפּט.
די היים אין מײַן נשמה תמיד לעבט.

* * *

כ׳האָב צופעליק באַגעגנט אַ פּאַרשוין,
וואָס קוקט אויף אַלץ מיט אויגן פון אַ הענדלער.
וויאַזוי דערקלערט מען אים, ער זאָל פאַרשטיין,
וואָס אונדז איז, אייגנטלעך, שוין לאַנג פאַרשטענדלעך?

ער ווייסט ניט וואָס גוטהאַרציקייט באַטײַט,
ער איז געזונט און, ווי אַ הירש, באַוועגלעך.
אויב עמעצער אין שטוב פון ווייטיק שרײַט,
באַהאַלט ער זיך פון אים ווי ווײַט ס׳איז מעגלעך.

ס׳מעג צוקומען אַזויפיל מיר, וואָס אים עס פעלט...
(אויב כ׳האָב אַ טעות, זאָל מיך גאָט באַשטראָפן).
ער האָט געוווסט און ווייסט בלויז זײַן געצעלט,
ווו פרי ער שטייט אויף, ווו רויִק לייגט זיך שלאָפן.

צו ווּעמען האָט ער גיין געמוזט? אין וואָס געגלויבט?
ער מיינט, אַז אים איז אַלץ באוווּסט און אַלץ דערלויבט.

* * *

צו זײַן אַ מענטש און גיין איבער דער ערד
עס זײַנען ניט קיין גרויסע מעלות נויטיק.
אין דײַנע אומרויקע אויגן איך באַמערק
סײַ אומבאַהאָלפנקײַט, סײַ אומצוטרוי און ווייטיק.

און, קוקנדיק אין זיי, דאָס האַרץ פאַרגייט,
און, ריידנדיק מיט דיר, איך פרעג זיך ווידער:
פאַרוואָס האָסטו מיט מיר זיך ניט געטיילט -
דעם צוים פון שווײַגן ניט געקאָנט אַריבער?

איצט צאָלסטו אָפּ, מ׳שטיינס געזאָגט, פאַריינס -
סײַ פאַר דײַן אײַלן זיך, סײַ פאַר דײַן וואַרטן.
די יאָרן לויפן גיכער, ווי דו מיינסט,
מיט פרילינגס פיל, מיט פונקט אַזויפיל האַרבסטן.

צו וועלכן מין, ווי אַ פערזענלעכקײַט, געהערסט,
צו מענטשן שטאַרקע, צי, געוויס, פאַרקערט.

## דער חודש מאַרט

מ׳האָט אינדערהיים מיט אומגעדולד געוואַרט
ביז איך וועל מיט דער וועלט זיך גוט באַקענען...
איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין חודש מאַרט
דערזען ווי זי פון טאָג צו טאָג ווערט שענער.

ביז איצט, ווי ס׳זינגט דער סאָלאָוויי, איך הער,
אין גרינעם וואַלד איך ווייס ניט וויניק סודות.
אַ דאַנק דעם פרילינג, וואָס האָט מיך דערנערט
מיט אַלץ אין דעם ניט אָנזיכטיקן חודש.

ער איז צו מיר געווען מילד און וויל,
און לעבן אויף דער גאָרער וועלט באַוואָרנט...
ער האָט מיט זײַנע טויען מיך געהיילט,
ווי אַ באַוווסטער דאָקטער לאַנגע יאָרן.

דעריבער איז פאַר מיר אַזוי ניט ביליק
דאָס גרינע גרעזעלע אין אָנהייב פרילינג.

## צו אַ יידישן דיכטער

איך האָב ניט לאַנג באַזוכט מײַן אַלט שטעטל -
קײַן יידן האָב איך דאָרטן ניט געזען.
דו זאָגסט, אַז קיינער האָט מיך ניט געבעטן
שוין וויפל מאָל זיך נעמען צו דער פען.

איז אויב ניט דו, ניט איך - ווער וועט אַצינדער
דערציילן ווי געשווינד עס לויפט די צײַט,
און וועגן דעם, ווי יידיש הייבט אָן קלינגען
באַגלייך מיט אַלע שפּראַכן - נאָענט-ווײַט!

כ׳האָב אויסגעשטאַנען פיל, ווי דו געליטן,
ווי דו, כמעט, געבליבן אומבאַוווסט...
איך מיין, אַז ס׳האָט זיך וועזנטלעך געביטן,
וואָס, סוף כל-סוף, האָט בײַטן זיך געמוזט.

איך זאג עס טאַקע הײַנט, אָן מורא, ערנסט -
אַזוי האָט מיך דאָס לעבן אויסגעלערנט.

* * *

א כלל, מיט יעדעס וואָרט זיך גוט באַגיין,
איז ערלעך זײַן ווי אין געריכט אַן עדות.
אויב דיר איז ניט געלונגען אַלץ פֿאַרשטיין,
צי דאַרף מען אויפֿן דיכטער ווערן ברוגז?
שרײַב אָן א בריוועלע אים ניט געאײַלט
און פֿרעג זיך אָן אַזוי ווי דו וועסט קענען:
צי איז ער ניט אין זײַנע לידער ווײַט
אַוועקגעגאַנגען ערגעץ פֿון דעם אמת?
ער וועט דיר ענטפֿערן, כ'בין איבערצײַיגט -
און דו וועסט זיך דערוויסן די געשיכטע
ווי לאַנגע יאָרן לעבט און לידער שרײַבט
ביי אונדז אין לאַנד אַן אופֿריכטיקער דיכטער.

ער ווידער, ווי אין אָנפֿאַנג, שרײַבט און מעקט,
ביז ס'וועט זײַן שאַפֿונג ווערן אַנערקענט.

# א י נ ה א ל ט

## דאָס געהעריקע וואָרט

**אזוי אין לעבן גיין**

## בלעטלעך פונעם טאָגבוך 1941 - 1945

## סאָנעטן